# — אַ —
# בינטעלע בלומען
## אין פיער טהיילען.

— ערשטער טהייל —

## אַלע ליעדער פון עקידת-יצחק

פון א: גאָלדפאַדען.

---

— צווייטער טהייל —

## נעוועדלטע קופּלעטען און פאָלקס-ליעדער

פון מאַקס אווראַמאָוויץ.

---

— דריטער טהייל —

## אלע ליעדער פון כוזרי

פון פּראָפ. הורוויץ

מוזיק פון זיגמונד מאָגולעסקאָ.

---

— פיערטער טהייל —

## פאָלקס ליעדער

פון א. צונזער.

---

פערלאַג פון יהודא קאַצענעלענבאָגען,

66 קאַנאַל סטריט. תרנ"ט. ניו יאָרק.

196



# אינהאַלטס־פערצייכניס

ערשטער טהייל

## אלע ליעדער פון עקידת־יצחק.

1 צו אברהם גאָלדפאדען פון א. מ. שארקאנסקי.
2 פאָררעדע פון מ. זייפערט
3 פאטער ליעד.
4 לוטס שיכור ליעד.
5 אליעזר׳ס קינדער ליעד.
6 יצחק׳ס ליעד פון נח׳ס תיבה.
7 שרה און אברהם ביים אלטאר.
8 שלאָף ליעד.
9 דאס עפּעלע.

צווייטע טהייל

## געוועהלטע קופּלעטען און פאלקסליעדער

פון מאקס אווראַמאָוויטץ.

10 איהר זעהט דאָך.
11 איך אויך.
12 הימעל ערד און שווינדעל.
13 נאך נישט.
14 מלקות.
15 גוטע נאכט.

דריטער טהייל

## אלע ליעדער פון כוזרי.

16 משיח׳ס צייטען.
17 בעקערס מיט חלות.
18 דועט (באכיט).
19 בלומענליעד.
20 לא תחמוד. צו זינגען מיט דער מעלאדיע פון אוטשו קוטשו.
21 דער אייזערנער שראנק.
22 דער צבועק.
23 דיא פערשידענע וועלט.
24 עלעגיא לעוואנדא.
25 דער אלטער פאטער.
26 דיא אידישע ביהנע.
27 קאטאלאג פון אידישע מוזיק.

פיערטער טהייל

## פאלקס ליעדער, פון א. צונזער.

— א —

# בינטעלע בלומען

## אין פיער טהיילען.

— ערשטער טהייל —

## אַלע ליעדער פון עקידת-יצחק

פון א: גאָלדפאדען.

---

— צווייטער טהייל —

## געזאַמעלטע קופּלעטען און פאלקס-ליעדער

פון מאקס אווראמאָוויץ.

---

— דריטער טהייל —

## אלע ליעדער פון כוזרי

פון פראָפ. הורוויץ

מוזיק פון זיגמונד מאָגולעסקאָ.

---

— פיערטער טהייל —

## פאלקס ליעדער

פון א. צונזער.

---

פערלאַג פון יהודא קאצענעלענבאגען,

66 קאַנעל סטריט. תרנ"ט. ניו יאָרק.

# צו אַבְרָהם גָאלְדְפַאדֶען.

וויא ער זינגט פון גאָט'ס חסדים,
רב אברעמיל גאָלדפאָדים!
האָט איהר ניט זיין ליעד געהערט?
„איהר זיינט עדות, קאַץ און ברונים"!
הערט נאָר, קרוין הארץ, דיא נגונים
איטלאַכס וואָרט איז קושען ווערטה.

„שבת, יום טוב און ראש חודש",
דאס איז אידישלאַך און קודש,
אָט אַזוי זינגט אויף אַ איד:
„וויא דער פאסטוך היט דיא לעמער,
וויא עס קומען אָן דיא רעמער,
וויא ער זינגט זיין קלאַגע ליעד".

ביזט קיין נגיד, האָסט קיין קצינות,
פאָהרסט אַרום אין דיא מדינות,
וויא אַ איד בעדארף צו זיין;
נאָר אַ וואו דיר וועט עס ברינגען,
וועט אַ איד דיר אונטערזינגען:
„יענקעלע געהט אין שוהל אַריין".

(פון דיא „אידישע נגונים", פון א. מ. שארקאָנסקי).

# פארערע.

מיט דער עכט יודישער אָפּער „עקידת־יצחק" האָט אונזער זשאַרגאָנישער ישעיה בן־אמוץ, דער איינציגער יודישער דיכטער אברהם גאָלדפאדען ארייגגעפלאָכטען אַ נייעם פעריל אין דער גרויסער פּאָעטישער קרוין, וואָס ער האָט מיט זיינע אייגענע הענד געשאַפען אונד ארויפגעזעצט אויף דעם קאָפּ פון דער יודישער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור. ער האָט אונז מיט זיין נייער אָפּער „עקידת־יצחק" איבערצייגט, דאָס זיין עכט יודישער גייסט איז נאָך הייס וויא אַ מאָל, דאָס זיין רייכער קוואַל פון פּאָעזיע פליעסט נאָך מיט דערזעלביגער קראַפט וויא צו דיא צייטען, ווען פון זיין געטליכע האַרפע האָבען געקלונגען „שולמית", „בר־כּכבא", „דאָקטאָר אַלמאַסאדָ", „אחשורוש" און „מליץ־יושר" האָבען דיא יודישע וועלט איבערפלייצט מיט אַ גאַנצען ים פון ריין יודישע מעלאָדיען. אברהם גאָלדפאדען, דער גרינדער פון דער יודישער ביהנע, איז טריי געבליבען זיין פּראָגראַם אין שאַפען עכט היסטאָרישע דראַמען, און דיעזען פּראָגראַם פיהרט ער אויס מיט דיא עהרליכקייט פון איין געוויסענהאַפטען ליטעראַט.

אין „עקידת־יצחק" זעהען מיר אַלע יענע פּערזאָנען, וואָס האָבען מיטגעווירקט דיא ליכטיגע אידעע פון מציאת השם אונטער דער ווילדער און הײדנישער מענשהייט צו פערברייטען, אין דיא זעלביגע פאַרבען, אין וועלכע דיא ביבעל האָט זיי געמאָלט. מיר זעהען דעם וואַהרען אברהם אבינו מיט דיא צוויי גרויסע געפיהלען, וואָס האָבען זיין לעבען אויסגעפילט: דיא ערקענטניס, דאָס דאָרטען, הויך איבער דיא שטערין אין הימעל עקזיסטירט איין אונזיכטבאַרער גאָט, וואָס בעוועגט דיא גרויכע מאַשינע, וועלכע מיר רופען אָן אין אונזער מענשליכער שפּראַך „וועלט", איינע אידעע, וואָס האָט געשאַפען דעם שטאַרקען פונדאַמענט צו אַלע גרויסע רעליגיאָנען אין דיא שפּעטערדיגע צייטען, און זיין עדלער געפיהל אַלס מענש, אַלס פאָטער, וואָס האָט זיין גליק געזוכט נור אין איין בּעפריעדיגטעס פאַמיליענלעבען. אין זיין יוגענד און אין זיינע מיטעלע יאָהרען האָט ער דיעזעס בּעפריעדיגט ניט געפונען. ער האָט זיך בעטראַכט אַלס איין בוים, וואָס שטעהט צווישען טויזענד אַנדערע בוימער אונד טראָגט נישט קיינע פרוכט, אַ בוים, וואָס וואַקסט און בּליהט אָהן אַ ציעל. עס האָט איהם געפעהלט אַ קינד, וואָס זאָל ערבען זיין האָב און גוטס, און וויא ריהרענד איז דאָס ליעד, וועלכע דער פערפאַסער לאָזט זינגען דעם שווערגעפלאָגטען, קינדערלאָזען פאָטער!

„אַך, פערבּראַכט האָב איך מיין בעסטע צייט, מיין לעבען, מיין וועלט!
אַך, געאַרבּייט מיט בּלוטיגען שוויס צו זאַמלען גוטס און פיעל געלד!
נאָך האָט געבענטשט מיין הויז, מיין פערמעגען איז גרויס,
וואָס טויג עס מיר אַצינד, יאָה אָהן איין איינציג קינד", א. ז. וו.

**אברהם גאָלדפאדען איז פיעלייכט דער איינציגער יודישער פּאָעט, וואָס קען אויך** מיט זיינע פּראָזען אזוי הערצליך לאַכען וויא וויינען. ניט אַלע מאָל פערגיסט זיין געטליכע מוזע ביטערע טהרערין אויף דער טרויעריגער לאַגע פון זיין פאָלק, צו וועלכען ער איז אימער צוגעבונדען מיט לייב און לעבען, זייער אָפט צולאַכט זיא זיך איבער דיא פעהלערען פון איינ־צעלנע פּערזאָנען אָדער פון גאנצע מענשענגרופּען, און אויך אין דיזען געלעכטער ברענט דער הייסער פונק פון וואהרער פּאָעזיע. זיינע קאָמישע געדיכטע און קופּלעטס זיינען פולל וויטץ און הומאָר, און זיין קופּלעט „לוט׳ס שיכור־ליעד״ אין „עקידת־יצחק״ איז געוויס איינער פון דיא שעהנסטע בריליאַנטען אין דער יודיש־הומאָריסטישער ליטעראַטור.

דאס בעסטע וואָס אברהם גאָלדפאדען האט אונז איז זיין „עקידת־יצחק״ געשאַפען, איז „יצחק׳ס ליעד פון נח׳ס תיבה.״ דאס איז דיא גרעסטע פּאָעמאַ וואָס מיר האָבען אין אונ־זער ליטעראַטור און פון איהר קענען מיר זיך נאָך אַ מאָל איבערצייגען דאס דיא פּאָעטישע קראַפט פון אונזער דיכטער אין דער לעצטער צייט ניט נאָר ניט שוואַכער געוואָרען, זאנדערן דאָס זיא איז ערסט אָנגעקומען צו דער ענטוויקלונגס־פּעריאָדע און איז אימשטאַנדע אונז נאָך פיעל גרעסער, נאָך פיעל ערהאַבענערס צו שאַפען. אין דיזער פּאָעמאַ שילדערט אונז דער זשעניאַלער דיכטער יענעם שרעקליכען מאָמענט, ווען דיא גאַנצע לעבעדיגע וועלט האָט גע־האַלטען ביים אונטערגעהן פון דעם מבול און פון אַלע זייטען זיינען צו נח׳ן געקומען דיא חיות, בהמות און עופות און האבען איהם געבעטען, דאס ער זאָל זיי ארייננעהמען אין זיין תבה. נח האָט דאָס ניט געוואָלט טאָהן, ווייל ער האָט זיי אלעמען בעטראכטעט פאר איבע־ריגע ברואים אויף דער וועלט, ברואים, וואָס עקזיסטירען נאָר פון מאָרד און רויב, דער לייב אָבער טרעט ארויס מיט פאָלגענדע פּרעטענזיע:

„מעגסט אונז גלויבען — שווערען דיא לייבען —<br>מיר וועלין זיי גראד אין דיא נויטהען שטעהען,<br>אַז אַ רשע וועט אַ מאָל דניאל׳ן<br>אריינוואַרפען אין לעווען גרוב,<br>וועלין זיך מיינע קינדער שפּיעלען,<br>מיט איהם פרייליך און זייער ליעב!״

און אזוי געפינט יעדע חיה און יעדע בהמה אויף זיך אַ זכות, וואס בערעכטיגט זיא נצול צו ווערין פון מבול און אין דער צוקונפט צו עקזיסטירען אויף דער וועלט, און אזא געטליכע ליעד קען נאָר זינגען אברהם אבינו׳ס אַ קינד, אום דיא געסט פון זיין פאָטער צו אַמוזירען אין דעם פעסט פון זיין „בר־מצוה״.

**ניט וועניגער שעהן און זיס איז דער דועט „שרה און אברהם ביים מזבח״. שרה** **זינגט ניט קיינע פּוסטע ליעדער איבער ליעבע און דערגלייכען. שרה איז אברהם אבינו׳ס**

ווייב, זיא איז אויך מיט דעם געגענשטאנד בעגייסטערט, מיט וועלכען איהר מאַן פיתלט און לעבט. זיא זינגט:

„מעגען אַלע פעלקער און אומות צו גלייך
ביקען זיך און דיענען צו געטער אַ סך,
מיר ווייסען ניט פון קיינעם,
מיר דיענען נאָר איינעם,
מיר געבען נאָר צו דיר אַליין אַ שבח!"

און אברהם ענטפערט.

מ׳ר זיינען אַלע פרומע יודעלעך,
זינגען צו דיר כשרה ליעדעלעך,
ווערט דאָך באַלד אַ גרויס געטימעל,
אויבען אין דעם הימעל,
מלאכים שפּיעלען אויף דיא פידעלעך" א. ז. וו.

עס איז אונמעגליך אין אַ הקדמה אויסצורעכנען אלע ליעדער פון „עקידת־יצחק", מיר קענען נאָר דיא בעמערקונג מאַכען, אז דאָס ווערק „עקידת־יצחק" איז אַ בליהענדער קראַנץ, וואס איז צוזאַמענגעשטעלט פון דיא שעהנסטע בלומען, וואָס זיי האבען ניט זייער גלייכען אויף דעם ליטעראַרישען פעלד.

צווישען דיעזע בלומען געפינען מיר אויך אַ פּראַכט־עקזעמפּלאַר אונטער דעם נאמען: „אליעזר׳ס קינדער־ליעד", געדיכטעט און קאָמפּאָנירט פון אונזער זשעניאַלען אַרטיסט און קאָמ־פּאָזיטאָר זיגמונד מאָגולעסקאָ, מיט וועלכען הערר מאָגולעסקאָ האט בעוויזען דאס ער איז דער בעסטער תלמיד פון אברהם גאָלדפאַדען און דאָס ער האָט פון דער גרויסער זונן מקבל געווען זייער פיעל ליכטיגקייט און וואַרעמקייט.

דיא אויפפיהרונג פון „עקידת־יצחק" אויף דער יודישער ביהנע פון „ווינדזאָר טהעאַטער" אין נויאָרק, איז געווען פאַלשטענדיג אַ געלונגענע, דיא גרויסע קינסטלער געזעלשאַפט פון דיעזען טהעאַטער האבען דיא גלענצענדע ראָלען מיט וואהרער נאַטורטרייהייט דורכגעפיהרט. הערר ז. פיינמאַנן האַט אונז אין געזאַנג אין שפּראַך און אין שפּיעל אַ טרייע קאָפּיע פון אברהם אבינו געגעבען. דער איינציגער און בעסטער העלדענראָליסט הערר ב. טהאָמשעווסקי, האט איבערגענומען דיא קליינע ראָלע פון „דמשק", אָבער אין זיינע הענד איז דיעזע קליינע און אונבעדייטענדע ראָלע געוואָרען דיא בעסטע אין שטיק. ווען אברהם גאָלדפאַדען וואָלט איהם אין דיעזער ראָלע געזעהן, וואָלט ער זיך הערצליך געפרייט, דאָס ער האָט איהר ניט אומזיסט געשריעבען. ווען איין אנדערער אויף הערר טהאָמאַשעווסקים פּלאַטץ זאָל אין דיזער ראָלע אויפטרעטען, וועט זיא אין גאַנצען פערשוואונדען ווערען. וואָר קען זיך אָבער גלייכען

צו דער וועלטבעריהמטער פרימאַדאָנא פרייליין רעגינא פּראַגער אין דער ראָלע פון „שרה״!

זיא האָט דאָס גאַנצע לעבען אין „עקידת־יצחק״ אריינגעבלאָזען און זיא האט דעם גרויסען ערפאָלג הערבייגעפיהרט. עס ציטערט דאָס הארץ ווען זיא צוגיסט זיך אין גאָלדענע טרעלען אויף דער ביהנע פון „ווינדזאָר־טהעאַטער״ און דער צושויער גלויבט גאָר ניט, דאָס דיעזע הימלישע טענער קומען ארויס פון איין מענשליכען אָרגאַן, ער גלויבט, דאָס טויזענד נאַכטי־גאַלען זיינען ערגעץ־וואו בעהאַלטען הינטער דער ביהנע און אלע צוזאַמען געבען איין הימ־לישען קאָנצערט. פרייליין רעגינא פּראַגער איז דיא איינציגע יודישע פרימאַדאָנאַ, וואָס מעג מיט רעכט און מיט שטאָלץ דיעזען נאמען טראָגען, און אַלע איבריגע זענגערינס, וואָס מאַכען אַנשפּרוך אויף דיעזען טיטול, פערשווינדען געגען איהר וויא דיא דונקעלע קאָמעטען געגען דעם הערליכען גלאַנץ פון דער גרויסער זונן. אַ גרויסען טהייל פון דעם ריעזענערפאָלג קען זיך דיא מאַדאַם בעססי טהאָמאשעווסקי אויף איהר רעכנונג צו שרייבען, דען נאָך אַזאַ „יצחק״ וויא זיא האָט אונז אויף דער ביהנע אין „עקידת־יצחק״ געגעבען, איז קיין שוישפּיע־לער און קיינע שוישפּיעלערין ניט אימשטאַנדע צו געבען. צוזאַמען מיט איהר רייצענדע שעהנ־הייט און מיט איהר נאַאיוויטעט האט זיא יעדען איינציגען בעגייסטערט און האָט דיא טויזענ־דער אַפּפּלאָדיסמענטען הערויסגערופען. העררבערנאַרד בערנשטיין האָט דיא קאָמישע ראָלע פון „לוט״ געווים בעסער געשפּיעלט וויא אברהם גאָלדפאַדען אַליין האָט זיך געוואונשען און איז געווען פּאָרטרעפליך וויא אַלע זיינע קאָמישע ראָלען, אין וועלכע קיין איינציגער פון זיינע קאָלעגען קען זיך צו איהם ניט גלייכען.

„עקידת־יצחק״ איז און בלייבט איין אונשטערבליכעס ווערק. זיא מאַכט עהרע דעם זשעניאַלען פּערפאַסער, זיא זעטצט ארויף אַ גאָלדענע קרוין אויף דיא קעפּ פון אונזערע שוי־שפּיעלער און איז דער הייסער פונק, דיא לעבעדיגע נשמה אין אונזער הייליגע ביבעל!

מ. זייפפערט.

נויאָרק דעצעמבער 1895.

און נח גיט א גלעט זיין שטערען
און ווייזט זייא אן אויף דער טיהר
פון וועהמען איך וועל גיטס נור הערען
זאג איך גלייך קום צו מיר.
קאהר—קים צי מיר אין תבה אריין } ביז
קים אריין קים אריין.

2.

אדא זעהט מען צו דער תבה
שפאנען שטאלץ פארליך צו
ביידע זכר ונקבה
א ווילדער לייב מיט זיין זיא
זיידע נח האב רחמנות
ברימען זייא מיט א געוויין
דאס וואסער רוישט שוין מיט סכנות
לאז אונז דא אך נישט דערגעהן
אוועקט איהר חיות—מיינע קינדערס חיות
וועט איהר צערייסען מיט אייערע צעהן
מעגסט אונז גלייבען—שווערען דיא לייבען
מיר וועלען זייא גראד אין דיא נויטהען שטעהען
אז א רשע וועט אמאהל דניאל'ן
ארייןווארפען אין לעווען גרוב
וועלען זיך מיינע קינדער שפיעלען
מיט איהם פרייליך און זעהר ליעב.
און נח הערט דיא שעהנע ווערטער
זאגט ער שנעל מאכט אויף דיא טהיר
אדינו לייב מיט זיין בעשערטער
איהר האט שוין געפויעלט בייא מיר
קאהר—קום צו מיר אין תבה א. ז. וו.

3.

פליצים זעהט מען צי דער תבה
צווייא רויב פעגעל פליהען צי
ביידע זכר ונקבה
א שווארצע ראבע מיט זיין זיא
זיידע נח האב רחמנות
קראקען זייא מיט א געוויין
דאָס וואסער רוישט שוין מיט סכנות
לאָז אונז דאָ אויך נישט דערגעהן
איך בין גאר ניט תופס—איהר טמא עופות
וויא וואגט איהר יעצט גאר אזא שריט.
דיא אין דיין וואבעל—מיטין שארפען שנאבעל
פרעסט דאך מענשען פלייש אי בלוט.

וואַרט זאָגט דער ראַבע מיר וועלען דיר ווייזע
אַז אליהו הנביא וועט זיין אין אַ נויט
וועלען איהם אונזערע קינדער שפּייזען
צווייא מאָהל אין טאָג מיט פלייש אין ברויט
אין נח'ן איז געפעלען דער שווינדעל
אין שמייכלענדיג מאַכט ער אויף דיא טהיר
שוין איהר עהרליך רויב געזינדעל
איהר האָט שוין געפּויעלט בייא מיר
קאָהר—קים צי מיר אין תבה א. ז. וו.

**4.**

פּליצים זעהט מען בייא דער תבה
שטעהט אַ פּאָריל און קייט שטרוי
ביידע זכר ונקבה
אַ קליינער עזעל מיט זיין פרויא
זיידע נח האָב רחמנות
הירזשען זייא מיט אַ געוויין
דאָס וואַסער רוישט מיט סכנות
לאָז אונז דאָך אָך נישט דערגעהן
וואָס וויכסטו חמור—מיט דיין יאַממער
וואָס פאר אַ מצות קענסטי טהין
זעהסטי זיידע—פין אינז ביידע
וועט אַמאָהל אַרויס אַ קליעגער זיהן
וועט אויף איהם וועט בלעם רייטען
צו שעלטען דיינע קינדער מאוס
וועט ער דיא קללות אין ברכות פערבייטען
ווייל צי קוועטשען וועט ער איהם זיין פיעס
אַז דיא זאָגסט איז אמת מין הסתמה
זאָגט נח שנעל מאַכט אויף דיא טהיר
מיסטער עזעל מיט זיין מאַדאַמע
איהר האָט שוין געפּויעלט בייא מיר
קאָהר קים צי מיר א. ז. וו.

**5.**

פּליצים זעהט מען צו דער תבה
שלעפּט זיך אַ פּאָריל לאַנגזאַם צו
ביידע זכר ונקבה
אַ גרויסער אָקס מיט אַ רויטער קוה
זיידע נח האָט רחמנות
מעהקען זייא מיט אַ געוויין
דאס וואַססער רוישט שוין מיט סכנות
לאָז אונז דאָ אויך נישט דערגיין

איהר ווילט זעלבער—מיט אייערע קעלבער
פערגנעטערען זאָל איך מיין קינד
פאַרקערט זיידע—דאָ איז דיא רעדע
זיך צי אָפּפּערען פאַר זיינע זינד
אז איינער וועט א מאָהל זיין חוטא
וועלען זיך מיינע־קינדער מקריב זיין אָן צאָהל
און מיט דער צייט וועט זיין דיא רויטע
דיא כפרה פאַר גאַנץ קהל
און נח זעהט דיא פרה אדומה
און זאָגט שנעל מאַך אויף דיא טהיר
פעטער אָקס אין דיא רויטע מימע
איהר האָט שוין געפּויעלט בייא מיר
קאָהר—קים צי מיר אין תבה א. ז. וו.

---

# שרה אונד אברהם ביים אלטאר.

שרה. — מעגען אללע פעלקער און אומות צו גלייך
ביקען זיך און דינען צו געטער אסאך
מיר ווייסען ניט פון קיינעם
מיר דינען נור איינעם
מיר געבען נור צו דיר אליין א שבת.
קאָהר. — מעגען אללע פעלקער, א. ז. וו.
שרה. — וואָס דיא וועלט איז דיין
היממעל, ערד און שיין
דיא וויסטע אויך וועלדער, גרינער
וואָס אין דער לופט שוועבט
וואָס אין דיא וואַססערין לעבט
אללע זיינען דיינע דיענער.
קאָהר. — מעגען אללע פעלקער, א. ז. וו.
אברהם.—מיר זענען אללע פרוממע יודעלעך
זינגען צו דיר כשרה ליעדאַלעך
ווערט דאָך באלד א גרויס געטיממעל
אויבען אין דעם היממעל
מלאכים שפּיעלען אויף דיא פיעדאלעך.
קאָהר. — מיר זענען אללע, א. ז. וו.
אברהם.—מיט דיא זעלבע מעלאָדיען
טהוען זייא ארים פליהען
און זינגען אויך מיט פרייט
מיט א צערטליכעס געפיהל
זיטצט גאָטט אויף דער שטיהל
אונד זינגט זיך שטיללערהייט
קאָהר. — מיר זענען אללע, א. ז. וו.

# שלאף ליעד.

## וויא שרה פערשלעפערט יצחקן

דיא דיסע גאטליכע אידישע מוזיק פון דיעזען ליעד קומט פון כרובים לאנד עס בעצויבערט יעדען צוהערער.

1.

אוי, אוי, אוי, גאָטעניו גאָטעניו גאָטעניו גאָטעניו אוי
זיי מיר מוחל גוטער גאָט א צינד.
דוא האָסט מיר דאָך צוגעשוואָרען
איידער איך האָב איהם געבאָרען
און איך גלויב אין דיינע רייד
מען וועט ניט מעהר לאַכען
ניט מעהר חוזק מאַכען
גאָט דער גוטער
איז דיין היטער
שלאָף מיין טהייער קינד
שלאָפ׳זשע שלאָף מיין שרהלע
דיך וויגט דיין מוטער שרהלע
גאָט דער גוטער
איז דיין היטער
שלאָף מיין טהייער קינד.

2.

אוי, אוי, אוי, זוניונו זוניוניו זוניוניו זוניוניו אוי
מיט לאנגע יאָהרען זאָלסטו מיר זיין א צינד.
דוא זאָלסט נור גלויבען
ביי דיינעם לעבען
מיין טהייער קינד
גרויס וועט זיין דיין נאמען
פון דיר וועלין פעלקער שטאמען
גאָט דער גוטער
איז דיין היטער
שלאָף מיין טהייער קינד
שלאָפ׳זשע שלאָף מיין שרהלע
דיך וויגט דיין מוטער שרהלע
גאָט דער גוטער
איז דיין היטער
שלאָף מיין טהייער קינד.

# דאס עפּעלע.

געזונגען פאָן בעריהמטען קאָמיקער

ב. בערנשטיין.

---

1.

אוי חוה מיט דער שלאַנג!
דיא מענשען טהוען מיר באַנג!
איבער דיין עפּעלע,
ליגט זייער קעפּעלע,
טיעף אין ד'רערד פון לאַנג. —
נאָטט האָט דיך פארהיט;
אז עססען מאָגסטו ניט
פון אללע פּירות
איז קיין עבירות
נאָר פון איין בוים ניט!....
האָט זיך דיר פארגלוסט דאָס עפּעלע, דאָס עפּעלע,
דאָס פארבאָטענע עפּעלע, עפּעלע!
דאָס האט אללע געשאדט:
מ'שטארבט שוין פאַר דער צייט —.
זייט זשע ניט ציקאווע
וויא אייער מוטטער חוה.

2.

אוי חוה מיט דער שלאַנג!
דער קאססירער טהוט מיר באַנג,
איבער דיין עפּעלע,
ליגט זיין קעפּעלע,
טיף אין דר'ערד פון לאַנג: —
בייא א גרויסען גביר אליין
איז ער קאססירער געווען

האָט ער אַ קאַפּעלע
נעמאַכט : חאַפּ-לאַפּעלע....
און מ'האָט גראָד דערזעהן !....
ס'האָט זיך איהם פארגלוסט דאָס עפּעלע, דאָס עפּעלע,
דאָס פארבאָטענע עפּעלע, עפּעלע....
דאָס האָט איהם געשאדט,
ער זיצט אין קרימינאל אַ צייט,
זייט זשע ניט ציקאווע
וויא אייער מוטטער חוה.

3.

אוי חוה מיט דער שלאַנג !
דער שכן טהוט מיר באַנג !
איבער דיין עפּעלע,
ליגט זיין קעפּעלע,
טיעף אין ד'רערד פון לאַנג ! —
איך קום אַ היים צונעהן
טרעף איך איהם אליין
מיט מיין ווייבעלע
וויא אַ טייבעלע
קישט ער זיך גאַנץ שעהן !....
ס'האָט זיך איהם פארגלוסט דאָס עפּעלע, דאָס עפּעלע,
דאָס פארבאָטענע עפּעלע, עפּעלע !....
דאָס האט איהם געשאדט,
כ'האָב איהם אונטערגעשלאָגען דיא זייט !....
זייט זשע ניט ציקאווע
וויא אונזער מוטטער חוה.

---

געוועהלטע

# קופלעטען

און

## פאָלקס-ליעדער

פערפאסט פון דעם בעריהמטען ארטיסט



מאקס אווראמאווין.

# איהר זעהט דאך.

1.

מען נעהמט מיר אָפּט ארויס דיא אויגען
מיט ליעגען אז עס איז א שרעק
ס'איז נישט געשטויגען נישט געפלויגען
קיין אָנהויב אונד קיין עק
וויא קוממען מלאכים וויא קוממען טייפלען
ארום צו לויפען אויף דער ערד?
וואס? איהר ווילט חלילה צווייפלען,
ענטפערט מען מיר הערט נאָר הערט!
וויא דאס קוממט, אונד וויא קוממט דאס
הערט איין אפיקורס איך בעט אייך
נוא, נוא, לאָז זיין אזוי — — — איהר זעהט דאָך!

II.

ווען קין האט דערהרגט זיין ברודער
הבל ביים גן עדן
איז געוואָרען א גרויס גערודער
אונד פאר מורא פאר'ן זיידען
איז ער אנטלאָפען ווייט גאנץ וויים
ביז ער איז געבליעבען אָהן שטיוועל
אונד דאָרטען האט ער חתונה געהאט
אזוי עפּעס שטעהט אין דער ביבעל — אוי
וויא דאס קוממט, אונד וויא קוממט דאס?
איהר זייט דאָך א מבין אונד פערשטעהט דאָך,
נוא, נוא, לאָז זיין אזוי — וויא אזוי? איהר זעהט דאָך!

III.

איין אלטער מאן פון 60 יאהר
האט חתונה אויף'ס נייא
מיט א מיידעל פון 19 גאָר
יעצט הערט מען איין געשרייא
אז פונקט צום יאהר האט איהם בעשעהרט
זיין ווייבעלע צווייא קינדער
וואו האט מען נאָך אזוינס געהערט?
פון אזא אלטען זינדער, אוי
וויא קוממט דאס, אונד וויא דאס קומט
איהר זייט דאָך א מבין אונד פערשטעהט דאָך
נוא, נוא, לאָז זיין אזוי — — — איהר זעהט דאָך!

IV.

איך קען איינע דאמע היער
וואס איז מיר א גרויס וואונדער
זיא האט קיין מאן וואס זאָרגט פאר איהר
אונד נישט פיר איהרע קינדער
איך פרעג איהר וואו זיא נעהמט דיא זאכען
אונד דאס געלד דערצו?
אלע וואָך זיך נייעס מאכען
אזוי ענטפערט זיא — אה!
וויא קוממט דאס אונד וויא דאס קוממט
מאכט נאָר א שוויינ איך בעט אייך
וא, נוא, נוא — איהר זעהט דאָך!

V.

דיא פאמיליע מייער קריגען א קינד
צו מזל אונד צו ברכה
אז קינדער, עלטערן עהנליך זינד
זעהט מען אין יעדער משפחה
אבער, דער טאטע שווארץ, דיא מאמע שווארץ
אונד דאס קינד איז רויט וויא פייער
דאס גיט שוין א צופּ ביים הארץ
וויא קוממט עס צו אייך ר' מייער — אוי
וויא דאס קוממט, אונד וויא קוממט דאס?
פרעגט ניט קיין שאלות אוי איך בעט אייך
נוא, נוא, לאָז זיין אזוי — וויא אזוי? איהר זעהט דאָך!

---

# איך אויך

I.

„בורקאס" — הער צו מאגדאלענע, וואס איך זאג דיר קליינע,
אז איך שלאף דיא גאנצע נאכט.
„מאגדאלענע" — איך אויך, נאָר איך האב איין פעהלער, זאָ אָפט
אין געה אין קעלער האב איך קיין אויג ניט צוגעמאכט
„בורקאס" — איך אויך, צו זיטצען לאנגזאם זופּפען, ביז דער ווייִן
העבט אָן צו שטופּפען אוי קוממט מיר צו א שטיק געזונד.
„מאגדאלענע" — מיר אויך, אבער אין דער פריה, גיט ער ביים הערץ
א בריה אונד דער קאָפּ דרעהט זיך מיר וויא דער ווינד.

„בורקאס" — מיר אבער ניט.

„ביידע" — נון נעהם דיר דאס אין מוח, אונד גערענק דאס וואָרט „איך אויך"

אזוי וועלען מיר לעבען אויף גאָטט'ס כח

אונד וואס עס וועט זיין מארגען, לאָז זיך נאָר דער הערר גאָטט זאָרגען.

מיר וועלען לעבען, לאכען, אז ס'זאָל אזש געהן א רויך.

II.

„בור."—אלע דאמען הייטע, מאכט עס גרויסע פריידע, זיך צו פוטצען וויא א טאָק

„מאג."—איך אויך, ווייל עבען דיא מעננער, ליעבען נור וואס שענער א יא דו קאפעלסט מיט'ן שאָק

„בור."—איך אויך, נישט דאס פוטצען הארט מיך, איך האב זעהר פיינט אז מען נארט מיך, דאס שמיערען האט דאך גאָר קיין צוועק

„מאג."—איך אויך? דוא מיינסט דען פאלשען צויבער, פון אויבען אלעס זויבער אונד צו הויז שווימט מען זאָ וויים אין — שמוץ

„בור."—דוא אבער ניט.

רעפריין......

III.

„בור."—זאָל איך עפעס בעגעהרען, אונד דוא זאָלסט מיך ניט הערען, האב איך א טבע אז איך שלאָג

„מאג."—איך אויך, זאָלסט אבער נישט מיינען, אז איך וועל מיך שעהמען, דיך צו דישען ביז אין טאָג

„בור."—איך אויך, בלייבסט דוא ליעב אונד פיין, וויא איינע גוטע פרוי דארף זיין, וועסטו מיך קיין מאל זעהען אין כעס

„מאג."—איך אויך, אונד איך וועל דיך שטאָפען, מיט מאכלים אונד ווין א טראָפען, זאָלסט מיר ווערען דיק וויא א פאָס

„בור."—דוא אבער אויך. רעפריין......

IV.

„בור."—אונד האבען מיר אָבגעזונגען, אונד ס'איז אונז געלונגען, רופט מען מיך וויעדער הערוים

„מאג."—מיך אויך. קענסט זייא אלע פרעגען, איך האב נישט דאגעגען, אז מיר געהערט גאָר דער אפלאוז

„בור."—מיר אויך. נו זאגט אדרבע, דעם רבי'ן צו דעם גבאי קומט דער כבוד זאָגט נאָר גיך

„מאג."—מיר אויך. וואס ביסטו אים ליעדעל? א שמיטשיק אָהן א פידעל, דיא הויפטזאך בין יא דאָך נאָר איך

„בור."—איך אבער אויך. רעפריין....

# הימעל, ערד אונד שווינדעל!

I.

קומט איינער שנעל צו לויפען
אייך מציאות צו פערקויפען, אוי ווען גלויבט נישט!
זאָגט איינער אייך א סוד
אונד שווערט בייא ווייב אונד קינד אונד גאָטט, אוי ווען גלויבט נישט
וויל ער דיר דאמיט ציינען
אז ער האלט וואָרט אונד קען שווינגען, אוי ווען גלויבט נישט!
זאָגט ער ווערט ניסט בערייען
ער ליעבט דיך מעהר וויא זיך אליין
דאן גלויבט ס'איז א שווינדעל.
רעפריין
אויף שווינדעל — — איז אלסדינג געשטעלט
אויף שווינדעל — — שטעהט דיא גאנצע וועלט
יא שווינדעל פון דעם גרייז ביז צו דעם קינד דאָרט אין דיא וויגעל
אוי! הימעל ערד אונד שווינדעל.

II.

ווען ס'וויינט א פרוי מיט טרערען
אז מען קען צוגאָסען ווערען, אוי ווען גלויבט נישט!
שרייט זיא, זיא בלייבט חלשות
ווייל דער מאנטעל נישט פון פלוש איז, אוי ווען גלויבט נישט!
קוים נאָר פאר ליעבשאפט זאגט זיא
אז ביים הערצען עפעס נאָגט זיא, אוי ווען גלויבט ניט!
זיא איז דיר טרייא אונד גוט
אבער זיא וויל קיין נייען הוט
דאן גלויבט איהר אז עס איז א שווינדעל. (רעפריין)

III.

אונד מיינט איהר ליעבע פרויען
אז דיא מעננער דארף מען טרויען? אוי ווען גלויבט נישט!
ווען ער קוממט שפעט א היים
אונד זאָגט, בעשעפטינט שטארק געוועזן, אוי ווען גלויבט נישט!
איין שוועבעלע צו זוכען
מה ער אין קיך ארום קריכען? אוי ווען גלויבט נישט!
שרייט איין מאן עס איז א חורבן
ווייל זיין שוויגער איז געשטאָרבען,
דאן גלויבט איהם ס'איז א שווינדעל. (רעפריין)

IV.

ווען איהר מיינט איך מאך דיא ליעדלעך
נאר פאר כבוד ליעבע אידלעך? אוי וועה גלויבט נישט!
איהר קענט הערען פון אונז אללע
אז געלט שפיעלט בייא אונז קיין ראָללע, אבער גלויבט נישט!
זאָגט מען אייך אז דער אקטער
איז באלד א מיליאָנער, אוי וועה גלויבט נישט!
דען איז דאס יאהר פאראיבער
אונד מיר צעהלען זיך אלע איבער
דאן זעהט מען ערשט דעם שווינדעל. (רעפריין)

V.

זעהט איהר דיא בערג דיא שטיינער
אונד דיא פרישע גרינע בוימער? אוי וועה גלויבט נישט!
א מלאך קוממט געפלויגען
פון דעם קאָפּ ביז דיא פיס מיט אויגען, אוי וועה גלויבט נישט!
אונד דאָרטען דער מיוחס
אויבען אָן דאָרט אין דיא רוחות, אוי גלויבט נישט!
אונד זעהט מען דיא בריליאנטען
גאָלד אונד זילבער אונד דימאנטען
דאן וויס מען ערשט דעם שווינדעל. (רעפריין)

---

# נאך נישט.

I.

האט איינער שוין א מאָל דערצעהלט
אזוואס אויף יענער וועלט נאָך פעהלט? נאָך נישט.
האט מען שוין איבערהויפט נעהערט
אז טויטע שטעהען אויף פון דער ערד? נאָך נישט
גיבט עס איין דאָקטאָר היינטינע צייט
וואס ווינשט געזונדהייט אללע לייט? נאָך נישט.
איז איין אפּאָטהעקער שוין געוועזן
וואס וויל נישט ליעבער קראנקע זעהען? נאָך נישט.
רעפריין......
אפשר בייא דיא טערקען, אדער גאָר בייא דיא כינעזען,
אבער בייא אונז איז אזוינס נאָך נישט געוועזען.

II.

האט מען צווייא יודען שוין געזעהען
זייא זאָלען נישט האבען דרייא אידעען? נאָך נישט.
האט מען געהערט אז אלטע מיידען
זאָלען פון חתנים ניט רעדען? נאָך נישט.
אונד גיבט עס שוין אויף דער וועלט
איין מענש וואס האסט דאס ליעבע געלד? נאָך נישט.
אונד האט מען שוין א פרוי געזעהען
זאָל דעם מאן נישט איבער דיא קעשענעס געהען? נאָך נישט.
רעפריין....

III.

האט מען שוין איינען מאן געזעהען
וואס ליעבט נאָר זיין פרוי אליין? נאָך נישט.
האט מען שוין פון איין רבי'ן געהערט
וואס נעהמט נישט וויא א בלינדעס פערד? נאָך נישט.
האט מען געהערט אז מאן אונד וויב
זיך ניט פּאטשען א מאָל צום צייט פערטרייב? נאָך נישט.
האט מען שוין א מאָל דיא פּאָליצייא
נעטראָפען בייא א שלעגערייא? נאָך נישט. נאָך נישט.
רעפריין....

IV.

האט מען געזעהען א קאפּיטאליסט
זאָל אויך זיין איין אנארכיסט? נאָך נישט.
האט מען געהערט א יודישער עקטער

װאָל װערען אַ באנק דירעקטאָר? נאָך נישט.
האט מען זיך שוין געהערט בעקלאָגען
אדוואָקאטען זאָלען דעם אמת זאגען? נאָך נישט.
אונד האט מען שוין געהערט אים לעבען
דיא אַכטע שטראָססע זאל צדקה געבען? נאָך נישט. נאָך נישט.
רעפריין....

V.

האט מען—ענטשולדיגט מיר איך בעט אייך
אין מאטינעע געזעהען אָהן רעטעך? נאָך נישט.
האט מען געזעהען שוין אין קאסיער
ער זאָל נישט מאכען האלב מיר, האלב דיר? נאָך נישט.
אונד איז עס שוין אַ מאָל פּאסירט
מ'האט אָשערס פאר דיא לעקסאָו געפיהרט? נאָך נישט. נאָך נישט.
רעפריין....

VI.

האט מען שוין אַ מאל געטראָפען
אין קופּלעט מיט זאָפיעל שטראָפען? נאָך נישט.
גיבט עס דאָ איינער ביז הערויף
וואס ווינשט צו הערען שוין דען סוף? נאָך נישט?
אונד איז שוין אַ מאָל פּאסירט
מ'האט מיין קופּלעט נישט אפּלאָדירט? נאָך נישט.
אבער מיינט איהר מען האט מיך אָנגעדונגען
דיא גאַנצע נאַכט דאָ שטעהען אונד זינגען? נאָך נישט. נאָך נישט.
רעפריין....

---

# מלקות.

I.

װער עס פאָלגט נישט טאטע מאמע
װער עס בעליידיגט איינע דאמע
אָט דעם מוז מען געבען 39 מלקות.
װער עס דאַוועגט אין צווייא פּאאר תפילין
אונד בעגנב'ט אייך אין שטיללען
אָט דעם מוז מען געבען 39 מלקות.
װער עס ברענגט צו אייך רכילות
דער טראָגט עס צוריק געפיהללאָז
אָט דער פערדיענט דאָך גאַנץ געוויס דיא מלקות.

אונד ווער עס וועט אייך זאגען
איהר זאָלט אין שול אייך מלקות שלאגען
אָט דער מוז קריעגען גאָר דיא מייסטען מלקות.
„רעפריין“—מלקות, מלקות, אמת׳דיגע מלקות, וויא אין פסוק שטעהט.
מלקות, מלקות, פייערדיגע מלקות, ביז מען דיא צייכען זעהט
אבער ניט קיין קינדער שפיעל, וויא דאָרטען אין שול
אוי...... וועה, אוי אמת׳דיגע כשר׳דיגע מלקות.

II.

ווער עס לויפט אין שול כסדר
נור צו צייגען איהרע קליידער
אָט דער מוז מען געבען 39 מלקות.
ווער עס רעדט פון איהרע שכנים
אונד זיא אליין וואָהנט עפּעס מיט איינעם
אָט דער קומט 39 מלקות.
ווער עס טראָגט א הוט מיט רויזען
אונד פעררוכט נישט דעם מאַן דיא — ועסטע
אָט דיא פערדיענט דאָך גאַנץ געוויס דיא מלקות.
ווער בייא דיא קינדער לאָזט דעם פאטער
אונד זיא אליין לויפט אין טהעאטער
אָט דיא מוז קריגען גאָר דיא מייסטען מלקות.
רעפריין......

III,

ווער עס האַלט שבת פערמאַכט
אונד שפּיעלט פינאקעל ביז שבת צו נאַכט
אָט דעם מוז מען געבען 39 מלקות.
ווער עס וויל אונז אבער צווינגען
אום יום כפור טאנצען שפּרינגען
אָט דעם מוז מען געבען 39 מלקות.
ווער אין קאַפּעע הויז קען זיטצען
זעקס, זיעבען שטונדען טעגליך שוויטצען
אָט דער פערדיענט דאָך גאַנץ געוויס דיא מלקות.
אונד ווען 5 טויזענד סאָציאַליסטען
זיך לאָזען שלאגען פון 3 פּאליציסטען
ב מוזען קריעגען גאָר דיא מייסטען מלקות.
רעפריין......

IV.

ווער עס וואוט פאר. צווייא פּארטייען
אונד לאָזט זיך צאהלען, אָפּט פון דרייען
אָט דעם מוז מען געבען 39 מלקות.

ווער עס האט א ווייב א צרה
אונד שלאגט ניט מיט איהר א כפרה
דער איז פערזארגט דאס גאנצע יאהר מיט מלקות.
ווער עס זאגט אז יעדע שווינער
איז זאָ בעז וויא א ווילדער טיגער
אָט דער פערדיענט דאָך גאנץ געוויס דיא מלקות.
אונד ווען אינספּעקטאָר ווילליאַמס מיינט
מען דאַרף קיין יוד מעהר גלויבען היינט
זאָ זאג איך, ווארט נאר ווילליאמס דוא קריגסט נאָך דיינע מלקות.
רעפריין......

V.

ווער פון אייך זאגט ליעבע יודען
אז מיר שטעלען אייך ניט צופריעדען
אָט דעם מוז מען געבען 39 מלקות.
ווער עס איז היינט דא ניט געוועז
מיך ניט געהערט אונד ניט געזעהען
אָט דעם מוז מען געבען 39 מלקות.
ווער עס ברענגט מיט קליינע קינדער
וואס עס שטערט אייך יעדען בעזונדער
אָט דער פערדיענט דאָך גאנץ געוויס דיא מלקות.
אונד ווער פון אייך קען נישט בעגרייפען
אוי וויא מיאוס עס קלינגט דאס פייפען
אָט דער מוז קריעגען גאר דיא מייסטען מלקות.
רעפריין......

---

# גוטע נאַכט.

I.

איין פערכען נאָך יונג דאָך פאָלל האָפפנונגען רייך
בליקען פראה אין דיא צוקונפט היניין
איין טעכטערליין ליעב זאָ מילד אונד זאָ וויייך
וויא איין ענגעל אין הימעל זאָ ריין
צווייא אויגעלעך בלוי וויא דיא שטערנע זאָ קלאָהר
פאָלל אנמוטה געהט זיא זאָ איינהער
וויא זאננענגלאנץ שיממערט איהר גאָלדינעס האאר
צום ענטציקען דער מענשהייט נאָך מעהר — אך!

אויף איינמאל וואס איז דאָרט נעשעהען?
וואס בעדייטעט דיא מעננע דאָרט שטעהען?
מען לויפט וויא פערווירט, קאָממט דאָקטאָר קורירט
שרייט דיא מוטער „איך צאהל וואס מען וויל!“
מען שנייד'ט דיא קעהלע, עס שווינד'ט דיא זעעלע
דיא אוינען פערדרעהט, נאך איין קוס איין געבעט
דאן איזט אלעס ווידער גאנץ שטילל
גוט נאכט, גוט נאכט, דאס ווערק איז פאָללבראכט
גוטע נאכט, שלאפע וואָהל, גוטע נאכט.

II.

עס פינקלען דיא שטערנע אן היממעל זאָ העלל
עס שלאפט אלעס רוהיג אונד זאכט.
איין שיפליין עס פליהט וויא א בליטץ גאָר זא שנעלל
אויף דעם שטורמישען מעער דורך דיא נאכט
אויב פאָטער, אויב מוטער, אויב קינד מען קען זעהען
אלעס טרוימט נור פון גליקזעלינקייט
אונד יעדער מאָלט בילדער אים טרוים זיך זאָ שעהן
פון דער צוקונפט דיא ניכט מעהר זעהר וייט — אך
אויף איין מאל דאָ הערט מען א קראך
אלעס אם שיף ווירד גלייך וואך
ציטטערנד פערלאָזט, פון שרעק אונד פון פראָסט
זיין ליעבסטעס ווער רעטען זיך וויל
דאָרט הערט מען שטיממען
שפרינגט! ווער עס קען שווימען.
דאס שיף אונטערגעהט, נאך איין קוס איין געבעט
דאן איזט אלעס ווידער גאנץ שטילל
גוטע נאכט, גוטע נאכט, דאס ווערק איז פאָללבראכט
גוטע נאכט, שלאפעט וואָהל, גוטע נאכט.



# משיח׳ם צייטען.

גדי. אז משיח וועט נור קומען צו געהן
צו וועמען וועט ער קומען?
אללע. נור צו אונז יודעליך
גדי. און תחית המתים ווער וועט אויפשטעהן?
אללע. נור מיר פרוממע יודעליך
א פאפירענע בריק איז אנגעגרעט
נור פיר אונז פרוממע יודעליך
און ווער אין מורא זיא אריבער געהט
נור אונז פרוממע יודעליך
גדי. אויף איין אייזערנע בריק וועלען געהן דיא גוים׳ליך
און וועלען אריינפאלען אין וואסער עס וועט ניט בלייבען קיין סליך
ישראליק קריעגסט שאן פאן דעם לויתן און שור הבור א חלק } ביז.
עמלק קריעגט ניט אפילו א שטיקעלע בעליק
וויא דערלעבען מיר שאן דאס, אז דער מלאך המות
זאל צו אונז ניט האבען קיין שליטה — אמן } ביז.
וויא דערלעבען מיר שאן דאס, אז דעם מלאך המות
זאלען מיר שוין פיהרען צו דער שחיטה. אמן.

---

# בעקערס [מיט חלות].

כתריאל. בעטראכט נור דיא חלה וואס איך ברענג אייך יעצט
אללע. ................... ער...... אונז..........
כתריאל. פון גאט א מתנה אין דער ערד געזעצט
אללע. ......................................
כתריאל. זעהט נור א בילקע
אללע. זאג כתריאל, פון וועמען איז דיא הייליגע בילקע?
כתריאל. פון דער רעביצין מלכה.
אללע. זאג ווער איז דאס דיא פרוממע רביצין מלכה?
כתריאל. דיא רביצין האט } ביז.
אללע. אוי וועה וואס האט זיא
כתריאל. זיא האט } ביז.
אללע. זאג וואס
כתריאל. דיא רעבעצין מלכה האט גענומען חלה פון דער בילקע
און דער כוזרי אליין — מעג דיא בילקע זעהן
און דער גרויסער פרץ—וועט מאכען המוציא לחם מן הארץ
אללע. אמן.

# דועט [באכיט].

כתריאל. כתריאל קוטער, זיינע פטור, קענסט ניט פאר ווערין
ווייל כתריאל באכיט
ליעבסט א צוויטען, מארדין טעדטין, קענסטו ניט פארווערן,
ביידע. כתריאליקיל ער באכיט (ער באכיט)
אבער איך גיעב קלעפ אויף עט } ביז.

---

דבורה. אה דאס ווייבעל, דאס שטילע טייבעל, האט גאר קיין מורא
ווען כתריאליקיל באכיט
ווען איך וועל חאפען, דיך דערטאפען, מיט אזא מין סחורה
אוי כתריאל וועל איך באכען
ביידע. כתריאליקיל ער......

---

כתריאל. הערסט דבורה, זאלסט האבען מורא, פאר כתריאל טאטער
ווייל כתריאליקיל באכיט
דבורה. אה דוא צרה, דוא כפרד, איך הער דיך וויא דעם קוטער
ווייל איך גיעב קלעפ אויף עט
ביידע. כתריאליקיל ער באכיט......

---

# בלומענליעד.

טהייער יונג רעזעלע — שמעקענדיג זיעס גרעזעלע
אפגעהאקט גאר, דיר דיינע יאהר, ווייסט פון קיין שפור
יעצט וועלקסטו מיין יונג רעזעלע
ארום דיין היימעלע — אונשולדיג בעמעלע
וואקסען פיעל דערנער, פיעל דערנער אן שיער
און דיך נשמה — קוילעט מען בלימע
ניין דוא זעהסט שוין מטהר ניט אוים וויא פריהר } ביז.
טהייער יונג רעזעלע א. ז. וו.
מענשען קוויקסטו, אין דער וויא ליעגסטו
אין שטויב פערוועהט — איעדער דיך טרעט
פערליערסט דיין ווערטה, קריעגסט א דאנק א ביסעל ערד
בלוממע וועסט אויפוואקסען — רעגנען דיך בעדעקען
וועסט נאך ווידער שמעקען — אין אלע וועלטס עקקען
מעגסט גאנץ רוהיג ריהען — רעזעלע וועסט בליהען
נאך בליהען נאך.

# לא תחמוד.

1.

לא תחמוד האט גאָטט אנגעשריעבען
פאר דעם מענשענס שוואכע הערצעלע
אין סאָפף איז דאס אונז איבערגעבליעבע
אָבער אין הערץ אַ שמערצעלע,
למשל דאָרט שטעהט אַ מיידעלע
דאס קאָקעטע קליידעלע
גיט אַ שמייכעלע, און אַ לאַכאלע,
זאָגט אַ וויטצעלע און גיט אַ קיטצעלע,
נאָ געה האַלט אויס דעם „לא תחמוד",
(און ווער שמועסט)
אַז אוי דער יצר הרע
גיט דיך נור אַ טאָרע
גאָטט אליין קען איהם ניט גובר זיין,
ניין, ניין, ניין.

2.

דער רבי אליין האַלט עחרליך וויעדער
פאָן גאָטטעס פסוק „לא תחמוד"
שטעלט זיך פאַר דיא אויגען איהם אנידער
אַ שעהנע, פעטע מויד,
אוי אַ מיידעלע—און דאס קליידעלע
אוי דאס לאַכעלע—מיט איהר שמייכעלע,
זאָגט אַ וויטצעלע,—גיט אַ קיטצעלע,
נאָ געה האַלט אויס דעם „לא תחמוד",
(און ווער שמיעסט)
אַז אוי דער יצר הרע, א. ז. וו.

3.

דיא רביצין מיט איהר קרבן מנחה סידר
שרייט אין איין קול „לא תחמוד"
אַ שייגעץ שטעלט זיך לעבען איהר אנידער
זיא שפרינגט שיער אויס דער הויט,
אוי בלאָנדע הערעלאך,
צעהן וויא פערעלאך,
שווארצע איינעלאך, ווייסע נעגעלאך,
אוי זיינע הנדעלאך מיר פיר זיינע ביינדעלאך,
און פארגעסט אָן „לא תחמוד",
(ווער שמיעסט)

אַז דער יצר הרע
ניט זיא נור אַ טאָרע } ביז
גאָט אליין קען זיא ניט גובר זיין,

ניין, ניין, ניין.

# אַ נייע אויפלאַגע

## דיא בעוואוסטע פאָלקסגעדיכטע פון

# ד. עדעלשטאַט,

— וועלכע וואר שוין לאנג ניט צו בעקומען פיר קיין פרייז —
איז איבערגעדרוקט געוואָרען צום 2טען מאָל מיט פיעלע פערבעסערונגען
זעהר שעהן געדרוקט מיט דעם בילד פון פערפאַסער.

## — אינהאַלטס־פערצייכניס —

1 צו מיין פעדער
2 נאַטור אונד מענש
3 דער קוילענגרעבער
4 אין קאַמפף
5 דיא פערשאַלטענע
6 אַ שטיקעלע ברויט
7 אָן דיא אידישע שריפטשטעלער
8 אָן דיא גענאָסען
9 דער בעליידיגטער העלד
10 מיין לעצטע האָפנונג
11 מיין טרוים
12 דער יתום
13 צורוף דער וואהרהייט
14 מיין צוואה
15 דער וועקער
16 צורוף אָן דער פרייע אַרבייטער שטימע
17 דיכטער אונד מוזע
18 פאָרווערטס
19 צו דיא אַרבייטער־פרויען
20 אויף אַ באַלל
21 זאָג מיט לוסט
22 זאָפיע פעראָווסקאַיא
23 לואיזע מישעל
24 דער לעצטער סטרייק
25 דער שניידער
26 עלענד
27 דער פריהלינג
28 אונזער אידעאַל
29 דער אידישער פראָלעטאַר
30 אויף דער וואַכע
31 וואַכט אויף
32 מיין פריהלינגס־ליעד
33 אַלבערט פאַרסאָנס
34 דזשאָן בראון
35 לואיס לינג
36 היינטיגע מענשען
37 צו מיין שוועסטער
38 דער קינדער־מערדער
39 צום משוגע'נעם פיהלאָזאָף
40 1טען נאָוועמבער
41 איך בין דער פלאַם
42 בלומען אונד שטערנען
43 וואָהרע אונד פאַלשע העלדען
44 דער וואַנדערער
45 מוטער אונד קינד
46 דער פאַל פון דער באַסטילע
47 דער אַרבייטער
48 מערץ בילדער
49 דער 13טער מערץ
50 פאַן ה׳ינע
51 אויפ'ן שלאַכטפעלד
52 דער רויטער זעגעל
53 אָן אַלטע געשיכטע
54 דער אָווענד גלאָק

דיא פאָלקסגעדיכטע פון ד. עדעלשטאַט ענטהאַלט 124 זייטען.

— פרייז **20** סענט —

צו בעקומען ביי אַלע צייטונגס־סטענדס און ביי דעם פערלעגער

**J. Katzenelenbogen,**

**35 Ludlow St.** **New York.**

# פאלקס ליעדער

פאן א. צונזער.

---

## דער אייזערנער שראנק.

1.

צייט חכמה איז געוואָרען געמעהרט
האָט מען אונז א נייעס פאָרגעשטעלט
א אייזערנער קאסטען ערקלעהרט
וואָס דאָרט זאָל זיין זיכער דאָס געלט
מיט אייזערנע שלעסער
פארשלאָסען וואָס בעסער
זיכער וויא אין קייזערליכען באנק
פארוואָרענט צו זאמען
פון גנבים פון פלאמען
דאָס רופט מען א אייזערנעם שראנק.

2.

געוויס איז א שכל א וואוילער
פאר היינטיגע נייע קאנטאָרען
זיכער פון פייער פון שטויהלער
זיכער אויף אייביגע יאָהרען
איך בין אייך אלץ מוחל
נאָר ווען איז דאס א שכל
אז עס ליגט נאָך דאָרט עטליכע פראנק
אָבער היינט איז א צרה
עס איז נאָר א סברה
א קאנטאָר מיט א ליידיגען שראנק

3.

מיין פלאן איז בעסער פון אללעס
איז דען זייער שומר א שלעכטער
זייער איינענס היט דאך דער דלות
וואס דארף מען א בעסערען וועכטער?
נאר דאס קען מיר פארדריסען
אז איך זאל ניט וויסען
מיין טעות טהוט מיר נאר באנק
איך וואלט זיך געשוואוירען
דארט ליגען לאדארען
כסוף איז א ליידינער שראנק

4.

דער שראנק איז א ביישפיעל א גוטער
נעגען דיא היינטיגע וועלט
דיא געשעפטען גייט זויער און ביטער
דער פנים מיט א מאסקע פארשטעלט
פון היינטיגע פרנסות
איז ווייניג הכנסות
קרעדיט ווערט אלץ שוואכער און קראנק
מען פוצט דיא בנינים
דיא קליידער דעם פנים
און דיא קעשענע איז א ליידיגער שראנק.

5.

דארט קענט איהר זעהן וויא אין א שפיעגעל
איינער רופט זיך איינענטהימער פון א הויף
און ס'שוין ניטא אזוי פיעל ציגעל
פיעל ער איז אויף איהם א בעל הוב
א בעל חוב אויף דיא מויערען
איבער דיא אויערען
מען רופט איהם אבוואוואטעל איבער דאנק
עס געפעלט מיר דער שכל

איך גיב מיר א שמייכעל

אָט דאס איז א ליידינער שראנק

6.

דאָרט שטייט א פאדריאדציק ביין טאָרג

אן אפולארעס האלט ער אין דיא הענט

נאָר ער האָט עס גענומען אויף באָרג

און צאָלט דער פאר גוטע פראָצענט

ער נעהמט אָטסטופנאָיע

ווייל מען קען ניט דיא בריה

דען ער זעהט אויס וויא באנקיער דע פראנק

עס געפעלט מיר דער שכל

איך גיב מיר א שמייכעל

אָט דאס איז א ליידינער שראנק.

7.

ווינטער אין פראָסט גייט איינער

א פראנט, א נאָגאָלאנט מיט'ן שטעקעל

פון קעלט טרייסעלט איהם זיינע ביינער

דען וואס קען איהם ווארעמען זיין רעקעל

און זיין תירוץ איז א גוטער

אז ער ליבט נישט קיין פוטער

זאגאר מען זאל איהם שיינקען א געשאנק

עס געפעלט מיר דער שכל

איך גיב מיר א שמייכעל

אט דאס איז א ליידינער שראנק

8.

דארטען זיצט איינער ביין גמרא

אזש פיינלעך פארברענט זיך פון פלאם

אין א טלית מיט א זילבערנע עטרה

און תפילין פון רבינו תם

און יתומים אלמנות

רייסט ער אהן רחמנות

וועלכע יענע זיינען שוואך און קראנק
עס געפעלט מיר דער שכל
איך גיב מיר א שמייכעל
אט דאס איז א אייזערנער שראנק.

9.

דארט פארט א מגיד איבער שטעטלאך
זאגט זיינע מוסר און תורה
לסוף איז דאס געליהענע פשט'לאך
ער נעהמט אויף קרעדיט זיינע סחורה
איז א בור דאורייתא
איך וויים קלאר דיא מעשה
אידעשקייט איז אויך ביי איהם קראנק
עס געפעלט מיר דער שכל
איך גיב מיר א שמייכעל
אט דאס איז א ליידינער שראנק

10.

דארט זיצט א רבי געבויגען
און זינגט א פארגעטערטען ניגון
פלאסקעט, און גלאצט מיט דיא אויגען
אז מלאכים פאלען וויא פליגען
איך זעה נאר זיין גבאי
וויא ער זאגט צו עולם הבא
דער פאר טראגט מען פדיון מיט דאנק
עס געפעלט מיר דער שכל
איך גיב מיר א שמייכעל
אט דאס איז א אייזערנער שראנק

11.

דער קויפט דיא גרעסטע עליות
מצות קאסט איהם א רעכטע מטבע
איז קיין מאל ניט שווער אויף יציאות
וואו עס איז נאר צו כבוד נוגע

און א פאטער א אלטען
וויל ער ניט אויסהאלטען
וואס יענער איז עלענד און קראנק
עס געפעלט מיר דער שכל
איך גיב מיר א שמייכעל
אט דאס איז א ליידיגער שראנק

---

# דער צבועק.

עושים מעשי זמרי
ומבקשים שכר כפנחס (סוטה)

1.

זייא מיר מודה מיין ווייב דעם פסק
בין איך דען ניט פון דיא חכמים
אז איך בין באמת א צבועק
און וויז זיך אויס פאר א צדיק תמים
איך צאפ דאך שטענדיג פרעמדע בלוט
איך בעריים יתומים און אלמנות
איך עס מיר טרפות גאנץ בארוהט
איך טהו בשתיקה אלע פסלנות
מיין הויקער דארף נאר זיין געראטען
דיא אויגען פערגלאצט גיין אין נאס
דיא ציצית מיט דעם טלית קטן
דיא פיאות'לאך פון מקוה נאס
דיא נייע וועלט רופען זיי פויכעס
צו שילמען זיי, ניט ווערען מיד
דאן שרייט דיא וועלט שוין מיט קולות
אז איך בין א צדיק א איד.

2.

אלע שלישית געלט, מיט אלע נדן'ען
און פון שותפים אלע בטוחות

און וואס ווייבער גנבענען פון דיא מאנען
טראגט מען צו מיר פון אלע רוחות
פאַרט ווער אָפּ אויף יענער וועלט
ביי מיין קרעטשמעל מאכט ער פּאָפּאס
איבער דיא יורשים'ס גאנצע געלט
מאכט מען מיר פאר א אפּוטרופּוס
וויא איך ווער שוין אין פעדערען ווארעם
מאך איך מיר מיין קונץ באזאכט
אין דער פריה פלוצלונג מאך איך א ליארעם
אז מען האט מיך בעגנבעט דיא נאכט
עס קלאגען שוין יתומים אלמנות
און מיר בלומרשט ווארפט אויך אין קעלט
אידען האבען אויף מיר נאך רחמנות
„וויא דעם צדיק נייט שלעכט אויף דער וועלט״

3.

ווען איינער איז מיר מיט א ווארט נוגע
איז ער שוין גלייך מקבל נזיפה
ווארום ביי קהל איז מיינע דיא ערשטע דעה
מיין שטול איז אויבען צו יעדער אסיפה
אלע געלטען פון דיא נאבארען
וואס מען צאהלט מיר וואכער נאך דיא סדרות פון לוח
פון אלע נאלאגען, פון סוועטשני סבארען
בין איך דער צדיק דער גאנצער בטוח
איך וויז קיינעם ניט קיין חשבונות
ווער סמייעט ביי מיר פרעגען שצאט
דען אויף יענעם זוך איך שוין עונות
איך זאג אז ער לייקענט אין גאט
זיין הויז זיין געזינד נייט פערלארען
זיין פרנסה נעהם איך צו פון האנט
דער נאך מאך איך איבער דיא יאהרען
און בעקלייד איהם אין שארע ניוואנט.

4.

דיא שטאט מוז טאנצען נאך מיין ניגו
קיינער רעט ניט אויף מיין סחורה
ווארום ארום מיינע מילכיקס טאנצען זיי וויא פליגען
און דער וואלט שוין ריידען האט ער מורא
מיין סחורה ווערט קיין מאל ניט פארלעגען
עס שיינט עס לייכט, מיין שילד מיין דגל
ווען איך קויכע מענשען, גלאָץ איך מיט דיא אויגען
איך דארף נאָר קרעכצען, ווען איך צוריים מיט דיא נעגעל
מיין סחורה האלט איך שטענדיג אפען
סייא שבת סייא יום טוב סייא וואך
קיין רב וועט מיר דער פאר ניט שטראָפען
דען מיט אטלעס פארדעק איך דיא מאָך
שלישי קומט מיר מיט גבאות
מיט הקפות מוז איך פריהער גיין
דיא הכנסות פון שול מיט הוצאות
דער נאמען בין איך נאָר אליין.

5.

פון אלע קצבות מאך איך דיא סמעטע
פאר נעפאלענע בעלי בתים יחסנים
נעהם איך פריהער פאר זיך אראפּ דיא פעטע
און דיא פּאָדאָנקעס פאר דיא קבצנים
אויף דיא נייע לעהרער, וואס לערנען שרייבען
מאך איך אסיפות פון מיינע דעפּוטאטען
איך דריק זיי איך שטיק זיי, פון שטאט צו פערטרייבען
דען צו מיינע קונצען קען עס גריילאך שאטען
דו קענסט דאך אָט דעם עזות פּנים
נעווען א לעהרער ביין היגען בעל הבית
האב איך אָנגערעדט ביענלאָ יונים
און נעמאכט איהם א פאלשען דאנאָס

דיא ווייבס ניסען טרעהרען איז בלאָטע
וואס זיי זיצען שבתים אהן ברויט
איהם פערשיקט ראסטאנסקאָ ראָטע
און דיא קינדער צו שטארבען פון נויט.

6.

מיין נישט מיין ווייב אז דאס גילט נאָר איצטער
דאס האט נאך געגאלטען אין ירושלים
דער פאלשער נביא דער פארשפּיצטער
האט פארדעקט זיין טומאה מיט יראת שמים
זיי האבען דעם פּעביל בגולת בערויבט
מיט פאלשע נביאות מיט ווערטער טרייע
און דער המון האט אין זיי גענלויבט
א פולע מעהר וויא דעם נביא ישעיה
מיכהי'ן פּאצט מען אין פּנים
ירמיהו'ן געזעצט אין אסטראָג
זכריהו'ן פאר גיעסט מען דיא דמים
מיט דיא פאלשע נביאים'ס פארזאָג
צו ריידען ווער וועט עס סמייען
אז דער וואלף נייט אין א שעפּסען פעל
און כל זמן דיא וועלט וועט זיך דרייען
איז דיא סחורה ביי אידען ראיעל —

---

## צ ו א ש פּ י ל.

* * *

1.

אט האט איהר אייך א ריינעם שפּיעגעל
וויא שכל גייט צו שטראנד
זילבער ווערט געפּרובט אין טיגעל
מענשען אין פארשטאנד
זעהט איהר יענער גלאצט דיא אויגען

ווייבלאך וויא א בלום
נייט דעם קארק צו דר'ערד געבויגען
מיינט ניט דאס איז פרום
ניט אלץ איז גאלד וואס שיינט פון ווייטען
זעהט זיין האנדעל נאר מיט לייטען
קען ער מיט דאללער'ס זיך שטראפירען
אט דאס איז ניט פארשטעלט
וויל מען מענשען ריין פּרובירען
דיא פּראָבע איז נאר ביי געלט

2.

ווער האט דעם אידענס בוך געלעזען
און עס האט איהם ניט גענארט
פיעל משיחים איז געוועזען
וואס האבען אונז גענארט
געגאנגען ווינטער אין אייז מקואות
מיט מופתים אונז פארטויבט
דער עולם האט געהאט א טעות
און אין זיי געגלויבט
מיר האבען דעריבער פיעל געליטען
מען האט אונז פיעל געברענט געשניטען
היט אייך שוין פון דער סכנה
פון מענשען וואס פארשטעלט
דען זייער ציעל און דיא כוונה
איז כבוד אדער געלד.

3.

דיא צבויאקעס מאכען קיילע
דעם שם פון פרומע לייט
מען פרעגט שוין היינט א נייע שאלה
אויב פרום איז עהרליכקייט
וויל דער צבויאק איז פול חטאים
און בעט נאך געצאלט דער פאר

ווּיא זמרי טהוט ער מעשים רעים
ווּיא פּנחס בעט ער שכר
און ווייל דער עולם איז ניט זיכער
דארום פערלאזט מען פרומע גיכער
קוקט אייך אום פון אלע קאנטען
צו זייט איהר ניט פערקויפט
שעצט דעם פרומען ווּיא בורליאנטען
פון צבויאק אנטלויפט.

---

# דיא פערשיעדענע וועלט.

1.

איין ערד טראָגט אונז אלעמען אויף איהרע פליענעל
איין זון בעלייכט אָרעם און רייך
דיא איין שטיקעל וועלט איז גלייך צו א שפּיענעל
ניט אלעמען זעהט זיא אויס גלייך
פאַר דעם פרומען איז א יעריד יעדער טאָג
ער האנדעלט סחורה און שלעפּט אין הויז
פאַר דעם אומגליקליכען איז דיא וועלט א אָסטראָג
ער האָפּט פון איהר צו ווערען לויז
פאַר דעם גליקליכען איז דאס א גאָרטען א סאָד
ער האט פערגעניגען פון יעדער גראָז
פאַר דעם נארען איז דאס א באָד
ער הערט א טומעל און ווייס ניט וואָס
און פאַר דעם רשע דעם דיב
איז דאס א שחיטה שטוב
דעם מילדען זעהט דיא וועלט אויס
פּונקט ווּיא א חתונה הויז
פאַר דעם נעדריקטען זעהט זיא אויס קלאָר
ווּיא דיא שטרייט פון דיא פיש דאָרט אין טייך
הכלל דיא וועלט איז איינע נאָר
און ניט אלעמען זעהט זיא אויס גלייך.

2.

פאר דעם פרומען איז דיא וועלט א יעריד
פיעל ער טהוט איז איהם רק קארג
ער לערענט ער דאווענט קיין שלאף נעהמט איהם ניט
דען מארגען איז שוין נאכ'ן מארק
ער גלויבט אז דער לעבען איז ערשט נאך דעם טוידט
פאר דעם וואס האט גוטץ מיטגעבראכט
און ווער עס האט פרייטאג ניט אנגענרייט
ביי יענעם איז שבת דיא ליפען פארשמאכט
דען נאך דעם מארק איז שוין דיא קראמען פארשלאסען
דעריבער חאפט ער וויא ווייט ער קאן
דיא איינענע ציצית וואס דא קאסט א גראשען
קרינט ער דארטען ניט פאר א מיללי‌אן
אויף יעדוויעדער שטראם וואס עס פליהט
שווייגט ער און רעדט נעבעך ניט
וואס האט ביי איהם געלד פאר א ווערד
אז ער דארף קיין קארעטען קיין פערד
ברויט מיט וואסער אויב ער נאר האט
איז ער שוין א גליקליכער איד
הכלל פאר דעם פרומען דעם דינער פון גאט
זעהט אוים דיא וועלט א יעריד

3.

פאר דעם קלוגען איז דיא וועלט א חדר
זיין רבי איז דאס דיא צייט
ספרים ליגען איהם אפען כסדר
דאס זיינען דיא מענטשען דיא לייט
א אפענער ספר איז איהם דיא וועלט
וואס יעדער מענטש איז דארטען א בלאט
ווער עס פיהרט גוט, און וועלכער עס פעהלט
און דער קלוגער לערענט עס פוןביידען דעם פשט
ער זעהט מענשען מען לויפט מען פליהט

דער נאָך בערליז דער נאָך פּאריז
דער קלייבט קאפּיטאל, און דאָ לעבּט ער ניט
דער קלוגער בארעכענט אלץ וויא נארעש דאס איז
דער וויל ווערען רייך אין איין טאָג
ווערט ער פערפוילט אין אסטראָג
דער מאַכט זיין קינד פאר א גביר
אויף דער עלטער צו שטעהן ביי זיין טהיר
און דער האט ניט פון זיין גאנצען אדמאַן
לסוף אויף זיינע אויבּינע קליידער
הכלל פאר דעם חכם פאר דעם קלוגען מאַן
זעהט אויס דיא וועלט א חדר.

4.

דעם שוטה דעם נאר, זעהט אויס ביי איהם
דיא וועלט מיט איהר פּריראָד
דיא זון מיט דיא שטערען, מיט זייער סיסטעם
זעהט דאס ביי איהם אויס א באָד
אז ער זעהט אין הימעל שטערען אָן צאָהל
וואס יעדערע שרייט „גאָטט! וויא גרויס ביזטו!"
מיינט דער נאר אז ער הערט עס פון פּאָל
וויא מענטשען שרייען „דאוואי פּארו"
אז ער זעהט דעם ים וואס גאָט האָט בעשאפען
וואונדער אויף דר'ערד אויף יעדער טריט
חכמות פון מענטשען, מאשינען טעלעגראפען
האלט ער עס פאר א בעזים וואס מען שמייסט זיך דער מיט
האט קיין פארשטאנד צו פערשטיין
דעם נעבּאי פון זיין קערפּער אליין
וויא קינסטליך יעדער גליעד איז געבויט
און דיא זעעלע וועלכע בלייבט נאכ'ן טוידט
פון חכמה פון בילדונג שטייט ער גאנץ ווייט
גייט ארום נאקעט דורך אויס
אז ער זעהט מען שטארבּט, מיינט ער עס מען שרייט
„גאראָאים פון באָד גייט ארויס

5.

פאר דעם אונגליקליכען איז דיא וועלט א אסטראָג
וואס דיא צייט האט איהם אין קייטען געשמיט
דעם פרייען טויט בעט ער, ער האָפט אלע טאָג
נאר דער טויער ווערט דאָ שטארק געהיט
אין אונזער וועלט — אסטראָג זעהט מען פיעל ארעסטאנטען
וואס יעדער זיצט פאר אנאנדער חטא
דעם האט דער דלות פערצאמט פון אלע זייטען
מען משפט איהם טעגליך מיט א נייעם דעקרעט
ביי דעם האט פלוצלינג דיא געשעפטען געפלאצט
פון זיין גאנצע עשירות איז ער נאקעט ארויס
זיין כבוד זיין יחוס, האט מען שוין אויך אָפגעשאצט
דיא וואס קערין דיא גאסען דיא לאַכען איהם אויס
דער האט רק קראנקהייט אין הויז
ער וואלט וועלען פון דער וועלט שוין זיין לויז
און דער איז פון שונאים פערהאסט
אז דער לעבען איז איהם שוין צו לאסט
דער האט זיינע קינדער פאר דיא הענטלאך געפיהרט
און ווערט עלענד אין איינע פינף טאָג
הכלל פאר אזעלכע וואס דיא צייט ארעסטירט
זעהט איהם אוים דיא וועלט א אסטראָג.

6.

נאָר פאר דעם גוטהערצינגען ווערט זיא בעטראכט
פונקט וויא א חתונה געוויס
וואס אין זעקס טעג האט עס גאָט דיא סעודה געמאכט
איינגעלאדען דעם עולם צום טיש
און דער מילדער מענש בעדינט דאָ דעם קעניג
אז עס זאל ניט פעהלען קיין פיש קיין געבעק
אז מען זאל ניט באריידין אז דיא סעודה איז וויניג
ניט ער פון זיין חלק דעם צווייטען אוועק
ער זעצט ניט ביים טיש זיך פרייליך צו מאכען

פארוועדט ער פאר אלעמען וויא ווייט ער קאָן
ער איז שטענדיג עוסק אין קהלשע זאכען
און ער איז נאך א פאָרשטעהער פאר זיין נאציאָן
און צום סוף אז ער דאַרף אהיים גיין
בעשיינקט ער דיא כלי זמר גאנץ שעהן
משרתים, און אזוי אָן דער זייט
אויף הקדש אויף אָרעמע לייט
דרשה געשאנק מיט גרויס מילדיקייט
אויף וואָלטהאטין עולם'שע געלד
זעגינט זיך אָפּ מיט דיא חתונה לייט
און גייט רוהען אין זיין געצעלט.

---

# עלעגיע לעוואנדא.

## טרויער געדיכט

איבער דעם טויט פון ר' יהודה ליב לעוואנדא.

---

1.

ביסלעכווייס טריקענט אויס אונזערע קוואַללען,
פערשוואכט ווערט פון טאָג אונזער מאכט,
אונגעריכט איז יעצט א שטערן געפאללען,
פון דיא וואס בעלייכטען דיא נאכט.
ס'האט נאך ביי אונז נישט פערטריקענט דיא טרעהרען,
וואס גאָרדאָן, סמאָלענסקין, אונז פעהלט;
דאַרפען מיר פלוצלינג דיא בשורה דערהערען
לעוואנדאָ, נישטאָ אויף דער וועלט!!
האלט אָפּ גאט דיין האנד!
שטראָף נים נאָך אנאנד!
אָפּרוהען לאָז אונז עטוואס...
וואס קען פון אונז זיין?
צו אָפט גיסט אונז איין
טראָפּינס פון ביטערען קוס! —

2.

וייער פיעל מיה האסט דוא זיך פאַרגענעבען,
נעשילדערט דיין פאָלק, און דיא צייט;
אין דיינע ווערק שפינעלט זיך זייער לעבען,
דיא גוטע און דיא שוואכע זייט.
דעם פערגעניגענס דורסט זוכסט דוא צו לעשען,
דיין ציעל האט ביי דיר מעהרער ווערטה,
שטענדיג אליין אין דיין צימער געזעסען,
דיין פאָלקס-לאגע אימער געקלערט
קיין דענקמאל ברויכסט דוא,
פון שטיין, אויף דיין רוה,
קען דיך פערגעסען ווער גיך?
ווער דיך האט געקענט,
בויט א מאנומענט,
גאנץ טיעף אין הערצען ביי זיך. —

3.

גליק פאר זיין פאָלק פלעגט ער ווינשען און האָפפען,
געפיהלט שטארק זיין פריידע און שמערץ,
אויב עס האט אידען וואו, עטוואס געטראָפען,
עררעגט דאס איהם באלד אויף, זיין הערץ.
אונגליקען וועלכע גאנץ אָפט מיט זיי שטרייטען,
פערשוואכען איהם באלד זיין געזונד,
סיבות וואס קומען פאָר דיא לעצטע צייטען,
שטירצט איהם אין גאנצען צום גרונד, —
פיל זינן גייט צור שטראנד!
פיעל גייט עס פערשטאנד,
מיט איהם אין קבר אריין!
פיעל וואלסט דוא געבראכט,
הילפע און מאכט,
װען דיא וואלסט נאך ביי אונז זיין! —

4.

לאנג און טריי דינט ער דיא האָהע מלוכה,
אלס יודע — געלעהרטער אין לאנד,
און דאפיר וועהלט איהם אויס גאטטעס השגחה,
צום אפוואשען ריין א בלוטשאנד.
דאן ווען א בלבול האט זיך אָנגעפאנגען,
בעשולדיגט דאָרט מענשען מיט בלוט;
דאן איז ער מוטהיג מיט אמת געגאנגען,
און איינגעשטעלט דעם פייער גלוטה.
דוא שטיצע! דוא וואנט!
דיין פעדער אין האנד!
דוא טרייער פאָלק'ס פאטריאָט!
דוא אויסנאהם! דוא בחיר!
מען פערליערט אין דיר,
קאפיטאן פון אונזער פלאָט!

5.

דיין שוואך פאָלק האט אין דיר איהר וואונש געקראָגען,
דיא שמוק ווארסט דוא אין איהר פארמעג;
יוננערהייט האסט דוא שוין א ליכט געטראָגען,
בעלייכטען פון בילדונג דיא וועג;
וויא דוא זעהסט אז „בילדונג" פערשטייט ניט יעדער,
מען מיינט נאָר דעם אויסערין פוטץ —
ווייזט דוא גלייך מיט דיין סאטירישע פעדער,
אז ברייננט שאדען אָפט מעהר וויא נוטץ.....
אז'ס האט זיך ערווערט,
דער ציונס-פראָיעקט,
אָפפערסט דוא אויף, דיינע טעג,
נעשטרעבט שטארק צו איהר;
נאָר גאט זאגט צו דיר:
„שטארב דאָ ביים ירדן, ביים ברעג!

דאָ קלאָגט דיא ווארהייט : „וויא זאל מיר נישט קריינקען,
„דער טויט איצט פון דעם ליטעראט ?
„ריכטיג זאָ מאלען ! און ערנסט זאָ דיינקען !
„אויף יעדעס ווערק ליגט מיין פעצאט“.
ציון קלאָגט : „איך מוז אין דרערד אוועקלייגען,
„מיין קינד וועלכער ליעבט זאָ פיעל מיך !
„וויסרוססס געבאָרען, אין ווילנא ערצויגען,
„און צפון פערשלינגט עס אין זיך !“
דיין נאמען דיין גלאנץ,
אָה, פלעכט דיר א קראנץ,
פון בלומען דאָרט אויף דיין רוה :
פון אונז אָפט א טרעהר,
בעלעבט דעם קראנץ מעהר,
אונפערוועלקט בלייבט ער וויא דוא ! —

# דער אלטער פאטער.

א.

א ביישפיל קען איך אייך מענשען געבען,
דעם סוף פון מיר בעטראכט א צינד,
עס איז בעסער אויף דער וועלט ניט צו לעבען
איידער אנקומען צו א קינד,
איך האב אב געלעבט יאהרען,
מיט כבוד און מיט געלד,
געהאנדעלט און געפאהרען,
געפיהרט גאנץ שיין מיין וועלט,
פערדינט כשר מיין גילדען,
מיט קרעדיט מיט עהרליכקייט,
געלאזט קינדער בילדען,
זייא זאלען ווערען לייט
מיין גבירעשאפט,
מיין גאנצע קראפט,
דורך מיינע קינדער ווער איך אָן,
היינט איז פאר מיר,
פערשפארט דיא טיהר.
איך האב זיך ניט וואו אהין צו טאהן.

ב.

מיינע מעבעל האט וויא גאלד געלויכטען,
מיינע בעט געוואנט איז געוועז וויא זילבער פיין,
דיא פאקאיעם געמאלט מיט שיינע פרוכטען,
איך האב געמיינט עס וועט אויביג אזוי זיין,
און היינט שלאף איך מיט דוחק,
ביין זונן אין דיא קאלטע קיך,
צאדנע איז דארט און רויכיג,

אז דער הוסט דערשטיקט שוין מיך,
איז, זאל וואו עס שטייט דיא שטולען
לאזט דיא דינסט מיך ניט אריין,
ער וועט איינריכטען דיא דילען,
אָט דער אלטער שוויין,
איך שטעה ביין קיך,
און ווארעם מיך,
קומט אריין דיא שנור און מאכט מיר דוהל,
זיא שרייט שוין באלד,
מיט קולות גוואלד,
אין אלע טעפּ איז שוין דער אלטער פול

ג.

פאר קינדער האב איך מיין האלז געשניטען,
געווארען גראה און אויסגעדארט,
ברידער! גאט זאל אייך באהיטען,
אזוי א עלטער וויא איך האב זיך דערווארט,
איי איך האב ערצוינגען,
מיין קינד מיין בחור אליין,
האב איך צו פוילט דיא אוינגען,
פון מרערען פון געוויין,
רובעלס איז געשוואומען,
און קרעפּטען ווערט מען אָן,
איידער זייא בעקומען,
אין מויל דעם ערשטען צאהן,
דיא פּאָקעלאך.
דיא מאָזעלאך,
דער טאטע שטעלט זיין לעבען איין אין קאָן,
היינט טרייבט מען מיך,
ארויס פון קיך,
איך האב זיך ניט וואו אהין צו טאהן.

ד.

מיין זון אז איך גיב אוועק אין חדר,
מיט פערגעניגען בין איך געוועזן זאט,
מיין טאָכטער אז עס פלעגט אנטאהן נייע קליידער,
וואס פאר א נחת דער טאטע האט דאס געהאט,
פלעגט זייא וויטאָן איין אבר,

טוהט מיר נאך מעהרער ווייא,
געוואונשען זיך דעם קבר,
נאר א אויסבייטונג פאר זייא,
געלאָפען צו דאָקטוירים,
וויא א פערסאמטער פיש,
אין בית עולם אויף דיא קברים,
דערוועקט דאָרט א זכות,
זונינקע!
טאָכטינקע!
וויא קענט איהר זיין צו מיר אזוי פיעל פרעמד,
זעהט! פערשטייט!
וויא דער טאטע גייט,
אָן א פיצעל שוך און אָן א העמד.

ה.

מיין פריהלינג*) האב איך פערבראכט וואס פרייער
אין מיין זומער האט מיר אויף דיא זונן געשיינט,
אין מיין הערבסט ברייננ איך אריין אין שייער,
אה! וויא שלעכט מיין ווינטער גייט מיר היינט!
מיינע טייבען איז פערפראָרען,
דיא בלוט אין דיא אברים שטייט,
דיא פעלד פון מיינע יאהרען,
איז גראָה און ווייס פערשנייט,
דיא בלעטער פון מיין עלטער,
איז געל פון ליסטאפד,
מיין קינד איז מיר וואס קעלטער,
א פראָסט פון צוואנציג גראד,
איהר יונגער דור!
בארעבענט נאר,

*) דעם מענשענס לעבען איז איינגעטהיילט קעגען דיא פיר צייטען פון יאָהר, פרילינג, זומער, הערבסט, און אינטער.

איהר וועט אויך א מאָל ווערען אַלט,
דער פראסט עס ברענט,
איהר וועט הויכען דיא הענט,
און אייערע קינדער וועלען אויך זיין קאַלט.

ג.

מיין זון שיקט מיך צו דיא טאכטער,
נאָר ביין איידים בין איך אויך ניט קונה שם,
דעם גאַנצען טאָג זידט ער און קאָכט ער,
אַח! וויא איבעריג בין איך עם,
דיא יונגען אויך מיר האלטען,
וויא דער איידים האלט דעם שווער,
מיא וואַרפט זיך מיט דעם אַלטען,
דער אהין און דער אהער,
פערטריקענט איז מיין נאמען,
נעחאלעשט ביז זיינער צווייא,
שווער איז צו בעקומען,
פון יונג א גלעזעל טייא,
איך בעט גאט! דיך,
ערבארעם זיך,
נעהם שוין מיין נשמה צו דיר אריין,
שיקט דיין טויט,
צו מיר אין נויט,
איך זאל ניט באדארפען בייא דיא קינדער זיין,



# אינהאַלטס פערציייכניס פון ערסטען טהייל.

# אינהאלטס פערצייכנים פון ליעדער.

זייטע.

## דיא ליעדער פון שולמית:



## דיא ליעדער פון בר כוכבא:



## דיא ליעדער פון כשופמאכערין:



זייטע.



## דיא לידער פון קאָקעטע דאמען.



## דיא לידער פון גיהנם און גן עדן.

# אינהאַלטס פערצייכניס פון ליעדער.

# אינהאַלטס פערצייכניס פון ליעדער.



דיא ליעדער פון

## פערבלאָנדזעטע נשמה



אלע ליעדער פון

## גלות רוסלאַנד.



## קופּליעטען מ. אַווראמאוויטש.



## ליעדער פון אידעשען פּריץ.

# אינהאַלטס פערצייכניס פון ליעדער.

# אינהאַלטס פערצייכנים פון ליעדער.



אויך פיעלע שעהנע ערצעהלונגען און הומאָריסטישע סקיצען וועגען אידישען טהעאטער און זיינע בעזוכער. שארפע וויטצען, שניידענדע סאטירען און פּראַכטפאָלע אנעקדאָטען צום בעלעהרען און אמוזירען;

# א בוך פיר אלע קלאַסען מענשען

דיעזער אינהאַלטס פערצייכנים קען זיין א גאנצעס ווערק פאר זיך זעלבסט. יעצט קענט איהר זיך פאָרשטעלען וויא גרויס און רייך אין אינהאלט דער בוך „דיא אידישע ביהנע“ איז.

אלע גרעסטע שרייבער אָהנע אויסנאהמע, האבען מיטגעווירקט אין דעם בוך „דיא אידישע ביהנע“.

## „דיא אידישע ביהנע“

איז דיא ערשטע גרעסטע, בעסטע, וויכטיגסטע, אינטערעסאנטעסטע, אינהאַלטס־רייכסטע אידישע אויסגאבע אין אמעריקא.

ווען איהר קויפט דעם בוך דיא „אידישע ביהנע“, דארפט איהר ניכט מעהר קיינע ליעדער אלבום׳ס, דען דיא ליעדער אלבום׳ס זיינען בלויז א גליעד, זעהר א קליינער טהייל פון דעם בוך דיא „אידישע ביהנע“.

ווען איהר קויפט דיא „אידישע ביהנע“, האט איהר שוין אללע ליעדער אָהנע אויסנאהמע.

דיא „אידישע ביהנע“ ענטהאלטעט 800 זייטען לעזעשטאָף.

פרייז בלויז 50 סענט, ווערטה $2.00

# אידישע מוזיק פיר פיאנא.

**שולמית**, פון א. גאָלדפאַדען, אַרראַנזשירט ביי ה. א. רוססאָטטא.
קאָמפּלים אין 12 בויגען.

1טער בויגען: עולי רגל מאַרטש אין ירושלים,
2 " יברכך, דיא פערבלאָנדזשעטע אין מדבר,
3 " ראָזשענקעס מיט מאַנדלען, ביים ברונען,
4 " אבשלום ביים ברונען,
5 " דועט פון שולמית און אבשלום, דיא שבועה, דיא פאַסטוכער כאָהר,
6 " דער אָריענטאַלישער טאַנץ, קום זשע, בחור פיינער, ציגנעטאַנג,
7 " שבת, יום טוב און ראש חודש, דיא דריי חתנים,
8 " דער גורל, קאַטץ און ברונים,
9 " שולמית אלס וואַהנזיניגע, דועט פון שולמית און מנות,
10 " דאס אונגליק פוןביידע קינדער, פלאַקער פייערל,
11 " גאָט זעה אלליין, דוד מלך ישראל, (פאַן דיא צוויגען דיא פיעדעלאַך)
12 " דאָס געזאַנג אין בית המקדש.

יעדער בויגען פרייז 25 סענט, אלע 12 בויגען צוזאממען פרייז 2 דאָלאר 50 סענט

**בר כוכבא**, פון א. גאָלדפאַדען, אַרראַנזשירט ביי ה. א. רוססאָטטא.
קאָמפּלים אין 10 בויגען.

1טער בויגען: רבי אליעזר המודעי'ס קינות, קלאָג פון ציון'ס טעכטער,
2 " דועט פון בר כוכבא און דינה,
3 " מיר בעגריסען דיך ירושלים, דיא נקמה פון פאַפוס,
4 " מאַרטש פון בר כוכבא'ס קרוינונג,
5 " כאָהר פאַר'ן צעזאַר
6 " דועט פון אליעזר און דינה,
7 " דינה'ס געבעט-ליעד ביין צעזאר, בר כוכבא'ס זיעגעס ליעד,
8 " בר כוכבא צווישען ווילדע טהיערע, דאס מיהלכעל,
9 " שלאָף ליעד, גאָטטעניו,
10 " דאס פאַסטוכעל, וועכטער ליעד, דער שטילער מאַרש.

יעדער בויגען פרייז 25 סענט, אללע 10 בויגען צוזאממען 2 דאָללאַר.

**כל נדרי**, דער ריכטיג אידיש אָרטהאָדאָקסיש סקאַרבאַווער, „כל נדרי" פון דעם בעריהמטען אידישען מוזיקער און קאָמפּאָזיטאָר ה. א. רוססאָטטא.
פרייז 25 סענט.

**סקאַרבאַווע נגונים**, פון דעם בעריהמטען קאָמפּאָזיטאָר ל. פריעדבערג.
„והכהנים", „ברכו", „טל", „קדיש בעפאָר נעילה".
פרייז 25 סענט.

**צעהן פאלקס ליעדער**, נעזאַנג מיט פיאַנאָ בעגלייטונג, פון אליקום צונזער, אַרראַנזשירט ביי ה. א. רוססאָטטא.

דער פעדלער, פון הימטעל צו ד'רערד,
המהפכה, דער קריזיס, דער אידישער דיכטער, דאס גאָלדענע לאַנד,
דאס אונשטערבליכע פאָלק, דיטא צווייטער טהייל, דיא לבנה,
שולמית, א בריעף פון דער מוטטער ציון,
אויף דיין אַלטען וועג,
אלכעס צוזאממען, פרייז, 1.25

**מליץ יושר**, פון א. גאָלדפאַדען, אַרראַנזשירט ביי ה. א. רוססאָטטא.

1. בויגען ענטהאַלטעט: { דיא מאַראַל, עם דרימעלט ניכט דער וועכטער, } פרייז 20 סענט.
2. בויגען " וואַלטץ, פרייז 20 סענט.
3. בויגען " גאָטטעס וואונדער, פרייז 15 סענט.

אללע 3 בויגען צוזאמען 50 סענט.

**Katzenelenbogen & Rabinowitz, Music Publishers,**
**66 Canal Street, New York**

# אידישע מוזיק פיר פיאנא.

הנום און גן עדן, פון א. גאָלדפאדען, אררא‌נזשירט ביי ה. א. רוססאָטטא
1טער בויגען קוואַרטעט, (דיא 4 חסידים),
2טער בויגען דועט, (דער חסיד מיט'ן דייטש), השיבנו נאָזאַד.
יעדער בוינען פרייז 25 סענט ביידע צוזאממען 40 סענט.

עקידת יצחק, פון א. גאָלדפאדען, אררא‌נזשירט ביי ה. א. רוססאָטטא.
שלאָף ליעד, שרה און אברהם, יצחק'ס ליעד פון נח'ס תבה.
פרייז 25 סענט.

פעריאמערט פערקלאנט, פון א. גאָלדפאדען פרייז 15 סענט.

המן דער צווייטער, פאן נ. מ. שייקעוויטץ, מוזיק פון זיגמונד מאָגולעסקאָ,
אררא‌נזשירט ביי ה. א. רוססאָטטא.
מארטש, פרייז 25 סענט.
וואלטץ („אל שדי"), פרייז 25 סענט.

דוד'ס פידעלע, פאן יאָזעף לאטיינער, מוזיק פון זיגמונד מאָגולעסקאָ,
אררא‌נזשירט ביי ה. א. רוססאָטטא.
דאס קריגעלע, דיא 4 חסידים.
נח'ס שכור ליעד דור הולך ודור בא.
פרייז 35 סענט.

דער נדר, פון נ. מ. שייקעוויטץ, מוזיק פון רעוו. י. קוראנטמאן.
ענטהאלטעט 3 טהייל 20 זייטען מוזיק פיר פיאַנאָ און וויאָלין
פרייז 1 דאָללאר.

בליהמעלע מארטש, פאן זיגמונד מאָגולעסקאָ פרייז 20 סענט.
כוזרי " " " " פרייז 20 סענט.
דיא עקידה " " " " פרייז 25 סענט.
דאס ליעבעלע " " " פרייז 15 סענט.

מן המצר, פון „בליהמעלע", אליעזר'ס קינדער-ליעד, פון „עקידת יצחק".
פון זיגמונד מאָגולעסקאָ, אררא‌נזשירט ביי ה. א. רוססאָטטא.
ביידע צוזאממען פרייז 25 סענט.

דער בלינדער בעטלער, פאן מאָררים ראָזענפעלד,
מוזיק פאן ל. פריעדבערג פרייז 20 סענט.
דיא מאשינדעלאך, פון יצחק רייגגאָלד פרייז 20 סענט.
וואס וועט זיין דער סוף, " פרייז 20 סענט.
יענע ליעדער, " פרייז 15 סענט.
שיר ציון, 4 בויגען, יעדער בויגען פרייז 25 סענט.
כלה בעזעטצענס, " " פרייז 25 סענט.
דיא וועלען דער דאנוי, וואלטצעס פאן איוואנאוויטצי פרייז 25 סענט.
זמרת הארץ, אמעריקאנישע נאַציאָנאלע פאָלקס-ליעדער טעקסט און געזאַנג
אין ענגליש, איבערזעצט אין העברעאיש פון נ. ראָזענצווייג.
פרייז 25 סענט.

**Katzenelenbogen & Rabinowitz, Music Publishers,**
**66 Canal Street, New York**

# אידישע מוזיק פיר וויאלין.

## שולמית, פון א. גאָלדפאדען.

1טער בויגען עולי רגל קיין ירושלים, דועט שולמית און אבשלום.
" " יום כפור אין ירושלים. ציגנעטאַנג,
2 " שבת יום טוב און ראש חודש, דיא פאַסטוכער
" " מנוח'ס געבעט, דאס געזאַנג אין בית המקדש
3 " יברכך, דיא פערבלאָנדזשעטע אין מדבר,
" " ראָזשענקעס מיט מאַנדלען, ביים ברונען
" דיא שבועה, דיא פאַסטוכער,
" " דועט שולמית און מנוח, דוד מלך ישראל.

יעדער בויגען פרייז 25 סענט. אללע צוזאממען 60 סענט.

## בר כוכבא, פון א. גאָלדפאדען,

1טער בויגען רבי אליעזר המודעי'ס קינות, קלאָג פון ציון'ס טעכטער,
" " דאס מיהלכעל,
2 " שלאָף-ליעד, גאָטטעניו,
" " דאס פאסטוכעל אדון עולם,

יעדער בויגען פרייז 25 סענט.ביידע צוזאממען פרייז 40 סענט.

**כל נדרי,** דער ריכטיג אָרטהאָדאקסיש-סקארבאָווער „כל נדרי" פון דעם בעריהמטען אידישען קאָמפּאָזיטאָר, ה. א. רוססאָטטא פרייז 20 ס.

**סקארבאווע נגונים,** פון דעם בעריהמטען קאָמפּאָזיטאָר ל. פ ר י ע ד ב ע ר ג, ענטהאלטעט דיא מוזיק פון דיא עבודה פון יום כפור

„והכהנים", „המלך", „ברכו", „טל", „קדיש בעפאָר נעילה". פרייז 20 סענט

**דוד'ס פיעדעלע,** פאן לאטיינער, מוזיק פון ז י ג מ ו נ ד מ אָ ג ו ל ע ס ק אָ.

דאס קריגעלע, דיא 4 חסידים, נח'ס שכור ליעד, דור הולך ודור בא.
פרייז 25 סענט.

**המן דער צווייטער,** פאן שייקעוויטץ, מוזיק פון ז י ג מ ו נ ד מ אָ נ ו ל ע ס ק אָ.

מארטש, וואלטץ, („אל שדי").
ביידע צוזאמען פרייז 25 סענט.

**גאלדפאדענ'ס,** יענקעלע געהט אין שול אריין, השיבנו נאַזאַר,
שטעה אויף מיין פאָלק, שלאף ליעד, פון „עקידת יצחק",
דאָס פינטעלע, דיא תחינה, פון „אידישען פאוסט".
אללע צוזאממען פרייז 25 סענט.

**מאנולעסקא'ס,** מארטש פון „דיא עקידה",
דאס ליעבעלע "
מן המצר פון „בליהמעלע",
אליעזר'ס קינדער-ליעד פון „עקידת יצחק".
אללע צוזאממען פרייז 25 סענט.

**בליהמעלע און כוזרי,** מארטשעס, פון זיגמונד מאָנולעסקאָ, פרייז 25 סענט.

**פעריאמערט פערקלאנט,** פון א. ג אָ ל ד פ א ד ע ן. פרייז 15 סענט.

Katzenelenbogen & Rabinowitz, Music Publishers,
66 Canal Streeet, New York.

## דיא ערשטע איז דיא בעסטע

פון איהר ווילט זיך יא אויסלערנען ענגליש און אמעריקא זאָלט איהר נור

סויפען דעם

# ענגלישען לעהרער

דער „ענגלישער לעהרער“ איז דיא בעסטע מעטהאָדע וואס אלכסנדר הארקאוי האט פערפאסט צום ערסטען, אונד עס איז שוין אין פערלויף פון א קורצער צייט 6 מאָל איבערגעדרוקט געוואָרען צו 10 טויזענד עקזעמפּלארען. דיעזער שנעלער פערקויף איז א בעווייז, אז דאס פאָלק האט דעם „ענגלישען לעהרער“ אָנגענומען פיר דעם בעסטען לעהר־בוך פון וועלכען עס איז לייכט צו ערלערנען גרינדליך דיא ענגלישע שפּראַכע אָהן א לעהרער.

אין דער נייער 6טער אויפלאגע זיינען אין „ענגלישען לעהרער“ געמאכט גער וואָרען זעהר וויכטיגע נייעסען און פערבעסערונגען.

דער ערשטער טהייל צום לערנען לעזען איז גאר אין גאנצען איבערגעשריעבען געוואָרען און געמאכט אזוי לייכט און דייטליך, דאס דער אנפאנגער זאָל קיין גרויסע מיהע ניט דארפען אָנווענדען אין לערנען דיא רעגלען פון לעזען.

דער צווייטער טהייל ענטהאלטעט 10000 ווערטער. יעדער וואָרט איז איז ענגליש און איבערזעצט אין יודיש וויא דער וואָרט לעזט זיך, און דיא בעדייטונג פון וואָרט. האט דער פערפאסער אויסגעבעסערט וואָרט פאר וואָרט און געפיקסט אלע גרייזען. —

דער דריטער טהייל ענטהאלטעט פערשיעדענע פראזען און געשפּרעכע, האט דער פערפאסער צוגעגעבען נאך פיעלע וויכטיגע געשפּרעכע, וואס זיינען זעהר ניצליך פאר יעדען איינעם.

דער פיערטער טהייל דער ענגלישער שרייבער, דיעזע אבטהיילונג איז גאר א נייע, עס ענטהאלטעט דיא ענגלישע געשריבענע בוכשטאבען גרויסע און קליינע האנד, דיא אבשטעל צייכענס, דיא ציפער, וויא אויך געשריבענע ווערטער, נעמען, גאנצע זעצע און איינינע געשריעבענע בריעפע, אום זיך צו איבען אין שרייבען און אויסלייגען (ספּעלין).

דער פינפטער טהייל איז דיא ענגלישע גראמאטיק, וועלכע קומט אין „ענגלישען לעהרער“ צום סוף, אין גאנצען אומגעארבייטעט געוואָרען און איבערגעזעצט אין א בעסערער אָרדנונג און מיט שעהנערע שריפט. דיא ענגלישע גראמאטיק פון דעם „ענגלישען לעהרער“, איז יעצט אזוי לייכט און פערשטענדליך, דאס מען קען זיא לערנען און גענוי פערשטעהן, אָהן קיין שום הילפע פון א לעהרער. דיעזע נייעסען און פערבעסערונגען מאכען דיעזע נייע אויפלאגע פון דעם „ענגלישען לעהרער“ פיעל בעסער. אלס זיינע פריהערדיגע אויפלאגען.

דער ענגלישער לעהרער איז זעהר שעהן געדרוקט און עלעגאנט געבונדען.

**→※ פרייז 50 סענט. ※←**

צו בעקומען ביי אלע בוכהענדלער און צייטונגס פערקויפער און אויך ביים פערלעגער
I. KATZENELENBOGEN, 66 CANAL ST., NEW YORK.



## מאדאם רעגינא פראגער

די יודישע פאטטי.